די ווערק פון היינריך היינע אין אַכט בענד מיט
אַ ביאָגראַפיע פון ע. קאַלישער און אַ פאָרוואָרט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאנד ר.,
ביאליק ה. נ., באָראָכאָוויטש, גראס נ., האלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאנדוי ז. ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שוואַרץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראָלניק י.



# פאָרעדע צו דער ערשטער אויפלאגע.

## I.

הגם די דאָזיגע בלעטער, וועלכע איך האב געשריבען פאר דער היגער צייטשריפט Europe litteraire זענען בלויז אן איינ־לייטונג צו ווייטערע ארטיקלען, מוז איך זיי פון דעסט־וועגען שוין איצטער צושטעלען צום דייטשען פובליקום, כדי אויסצומיידען, אז א דריטער זאָל מיר ניט ארויסוויזען דעם כבוד, און מיך ניט איבערזעצען פון פראנצויזישען אויף דייטש.

אין דער "Europe litteraire" פעהלען עטליכע שטעלען, וואָס איך דרוק דאָ אָפּ פאָלשטענדיג; צוליעב דער עקאָנאָמיע פון דער צייטונג האָב איך געמוזט דורכלאָזען עטליכע קלייניקייטען. דרוק־פעהלערן פעהלען ביי דעם דייטשען זעצער פונקט אזוי וועניג ווי ביי די פראנצויזישע. פרוי פאָן סטאָהל'ס בוך, אויף וועלכען די ארבייט איז געבויט, הייסט: De l'Allemagne איך קען ניט ווייטער געהן, איידער איך וועל ניט אויסבעסערן א באמערקונג, מיט וועלכער די רעדאקציאָן פון דער "Europe litteraire" האָט באַליימ די דאָזיגע בלעטער. די רעדאקציאָן האָט נעמליך באמערקט: „אז פאר דעם קאטוילישען פראנקרייך מוז די דייטשע ליטעראַטור פארגעשטעלט ווערען פון א פּראָטעס־טאַנטישען שטאנדפּונקט." אומזיסט איז געוועזן מיין איינווענ־דונג; „אז עס איז ניט פאראן קיין קאטוילישע פראנקרייך: איך שרייב ניט פאר קיין קאטוילישע פראנקרייך; עס איז גענוג ווען איך דערמאָן, אז איך באלאנג אין דייטשלאנד צו דער פּראָטעס־

מאנטישער קירך; דאס וואס איך דערצעהל בלויז דעם פאקט, אז איך האב דאס פארגעניגען צו זיין פארשריבען אין א לוטהעראַ־נישען קירכענבוך אלס עוואנגעלישער קריסט, ערלויבט דאס מיר דאך פארצוטראגען אין די ביכער פון דער וויסענשאפט יעדע מיינונג, אפילו ווען אזא מיינונג שטעהט אין ווידערשפרוך מיט דעם פראטעסטאנטישען דאגמא, — און פארקעהרט די באמער־קונג, אז איך שרייב די ארטיקלען פון א פראטעסטאנטישען שטאנדפונקט, וועט אויף מיר ארויפלייגען דאגמאטישע קייטען". אומזיסט, די רעדאקציאן פון דער **Europe** האט צו מיין מיי־נונג ניט געשענקט קיין געהער. איך רייד וועגען דעם טיילוייז דערפאר, כדי מען זאל מיר ניט פארווארפען קיין אינקאנסעק־וועגץ, און טיילווייז אויך, כדי מען זאל מיך ניט חושד זיין, אז איך האב געוואלט לייגען א ווערט אויף קירכליכע אונטערשיידונגען.

און אזוי ווי די פראנצויזען פארשטעהען ניט אונזער דייטשע שול־שפראך, האב איך אויף עטליכע ערטער, דארטען וואו עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דעם מהות אלהות, זיך באנוצט מיט יענע אויסדרוקען, מיט וועלכע זיי זענען געוועהנט געווארען דורך די אפאסטאלישע באמיהונגען פון די סעין־סעמאניסטען; און אזוי ווי די דאזיגע אויסדרוקען דריקען גאנץ נאקעט און באשטימט אוים אויך מיין אייגענע מיינונג, באנוץ איך זיי אויך אין דער דייטשער ווערזיאן. יונקערס און גלחים, וועלכע האבען אין דער לעצטער צייט נאך מעהר ווי אלעמאל מורא געהאט פאר דער מאכט פון ווארט, און האבען דערפאר געפרואווט מיך צו דעפאַ־פולאריזירען, וועלען אויך ווייטער מענגען שלעכט אויסטייטשען יענע אויסדרוקען, כדי מיך צו באשולדיגען אין מאטעריאליזם, אדער גאר אין אטעאיזם; זיי מעגען מיך ווייטער מאכען פאר א איד אדער פאר סעין־סימאניסט; זיי מעגען מיך פארקלאגען פאר דעם המון, אז איך בין אן אפיקורס: קיין זאך וועט מיך ניט אפשרעקען, אז איך זאל מיינע מיינונגען וועגען געטליכע זאכען פארשלייערען מיט די געוועהנליכע צווייידייטיגע ווערטער. מענגען אפילו די פריינה זיין בייז אויף מיר, פארוואס איך פארדעק ניט

ווי עס דארף צו זיין מיינע נעדאנקען, פארוואס איך דעק אויף אהן רחמנות, די דעליקאטסטע געגענשטאנדען, אזוי אז איך רוף ארויס ערגערנישען; ניט די בייזוויליקייט פון מיינע שונאים און אויך ניט די כיטרע נארישקייט פון מיינע פריינד קענען מיך ניט אפהאלטען ארויסצוזאגען אפען און ניט פארהילט מיין מיינונג וועגען דער וויכטינסטער פראגע פון דער מענשהייט, וועגען דעם מהות אלהות.

איך באלאנג ניט צו די מאטעריאליסטען, וואס זענען מגשם דעם גייסט; איך קעהר גיכער אום צום גוף זיין נשמה. איך באגייסט איהם, איך הייליג איהם.

איך באלאנג ניט צו די אטעאיסטען, וואס לייקענען. איך גיב צו.

די אינדיפערענטיסטען און די אזוי גערופענע קלוגע לייט, וואס ווילען וועגען גאט זיך ניט אויסשפרעכען, זענען דאס די אייגענטליכע כופרים בעיקר. אזא שווייגענדיגע כפירה, ווערט איצטער זאגאר א בירגערליך פארברעכען. ווארים דורך דעם ווערען נאך שטארקער די פאלשע באגריפען, וואס דיענען נאך איצטער אויך אלס די זיילען פון דעם דעספאטיזם.

דער אנהויב און דער סוף פון אלץ איז גאט.

געשריעבען אין פאריז, דעם 2טען אפריל, 1833.

היינריך היינע.

## II.

די פאָרעדע צו דעם ערשטען טייל פון אט דעם בוך מעג שוין אויך רעכטפערטיגען דאס ערשיינען פון דעם צווייטען טייל. יענער טייל האט באהאנדעלט די געשיכטע פון דער ראָמאַנטישער שולע בכלל, און דער טייל באהאנדעלט איהרע הויפּט אָנפיהרער יעדען באזונדער. אין אַ דריטען און פיערטען טייל וועט גערעדט ווערען פון די איבעריגע העלדען פון דעם שלעגעל'שען לעגענדאריי־שען קרייז, דאן אויך וועגען די טראגעדיענדיכטער פון דער לעצ־טער געטהע'שער צייט, און צום סוף וועגען די שריפטשטעלער פון מיין איינענער צייט.

איך בעט זעהר דעם לעזער, ער זאָל ניט פארגעסען, אז די דאָזיגע בלעטער האב איך געשריעבען פאר דער "Europe litteraire" און האב זיך אין אַ געוויסער מאס געמוזט צופאַ־סען צו די באשרענקונגען, וואס דער דאָזיגער זשורנאל צייכענט אָן בנוגע דער פּאָליטיק.

און אזוי ווי איך האב אליין באזארגט די קאָרעקטור פון אט דעם בוך, דערפאר בעט איך מען זאָל מיר ענטשולדיגען די צו גרוי־סע צאָהל פון דרוק־פעהלערן. שוין אין אויבענאויפיגער קוק אויף מיינע קאָרעקטור־בויגענס, באווייזט מיר, אז איך האב פארזעהן אַ סך טעות'ן. זעהר ערענסט מוז איך מיטיילען, אז דער קייזער היינריך איז ניט געווען קיין אייניקעל פון בארבאראסאַ, און אז הער וויליאם אויגוסט שלעגעל, איז מיט אַ יאָהר אינגער ווי איך האב אָנגעגעבען. אויך איז ניט ריכטיג פארצייכענט דאס יאָהר ווען ארנים איז געבוירען געוואָרען. ווען איך האב אויך באהויפּט אין די דאָזיגע בלעטער, אז די העכערע קריטיק אין דייטשלאנד האט זיך קיינמאָל ניט באשעפטיגט מיט האָפמאַן, האב איך פאר־געסען צו דערמאָנען דעם אויסנאם, אז וויליבאלד אלעקסיס, דער דיכטער פון קאַבאַניס, האט געשריעבען אַ כאראקטעריסטיק וועגען האָפמאַן.

פּאריז, דעם 30טען יוני, 1833.
היינריך היינע.

## IV.

# פארערע צו דער צווייטער אויפלאגע.

דעם וויכטיגסטען טייל פון די דאזיגע בלעטער, וועלכע איך האב אורשפרינגליך געשריבען אין דער פראנצויזישער שפראך, און זענען געמיינט געווען פאר פראנצויזען, האב איך שוין מיט א צייט צוריק צוגעשטעלט פאר דעם דייטשען פובליקום, אונטער דעם טיטול: „צו דער געשיכטע פון דער נייערער ליטעראטור אין דייטשלאנד.“ אין דער איצטיגער אויספיהרליכער בעארבייטונג, קען שוין דאס בוך פארדינען דעם נייעם טיטול: „די ראמאנטישע שולע“; ווארים איך גלויב, אז זי קען דעם לעזער אויף דעם נעטרייעסטען אופן באקענען מיט די הויפט מאמענטען פון דער ליטערארישער באוועגונג, וואס האט יענע שולע ארויסגעבראכט.

מיין כונה איז געווען אויף דעם שפעטערדיגען פעריאד פון אונזער ליטעראטור צו באהאנדלען אין אן עהנליכער פארם; אבער וויכטיגע באשעפטיגונגען און אויסערליכע פארהעלטענישען האבען מיר ניט ערלויבט דאס ווערק צו געבען. איבערהויפט איז די ארט פון דער באהאנדלונג און דער אופן פון דער אויסגאבע פון מיינע לעצטע גייסטיגע פרוכטען, אלעמאל געווען אפהענגיג אן אומשטענדען פון דער צייט. אזוי האב איך מיינע מיטיילונגען „צו דער געשיכטע פון דער רעליגיאן און פילאזאפיע אין דייטשלאנד“ געמוזט פארעפענטליכען אלס דעם צווייטען טייל פון דעם „סאלאן“; און אט די ארבייט װאלט דאך אייגענטליך געדארפט זיין די אלגעמיינע איינלייטונג צו דער דייטשער ליטעראטור. א באזונדער אומגליק וואס האט מיך געטראפען ביי דעם צווייטען טייל פון סאלאן, האב איך שוין געלאזט וויסען דורך דער טעגליכער

פרעסע. מיין הער פערלעגער, ווענן איך האב אנגעקלאגט, אז ער האט מיין בוך צוקאַליעטשעט, האט די דאזיגע באשולדיגונג פון זיך אראפגעווארפען אין דער זעלביגער ציימונג; ער האט ערקלעהרט, אז שולדיג זענען אין דעם געווען די טשינאָווניקעס, וואס שטעהען העכער פון יעדען געזעץ.

זאלען די אייביגע געטער שוין אמאל רחמנות האבען אויף דעם פאטערלאנד און אויף די שוצלאזע געדאנקען פון זיינע שריפט־שטעלער. —

געשריעבען אין פאריז, אין הערבסט 1835.

היינריך היינע.

פרוי פאן סטאהל'ס ווערק **De l'Allemagne** איז דאס איינ־ציגע אויספיהרליכע בוך, וואס די פראנצויזען פארמאגען, וועגען דעם גייסטיגען לעבען אין דייטשלאנד. און דאך איז פארגאנגען א היבשע צייט פון זינט דאס דאזיגע בוך איז ערשיענען, און פאר דער צייט האט זיך אין דייטשלאנד ענטוויקעלט א גאנץ נייע לי־טעראטור. איז דאס גאר אן איבערגאנגס ליטעראטור? האט זי שוין דערגרייכט איהר בליהונג? אדער איז זי שוין אפגעוועלקט? וועגען דעם זענען פאראנען חלוקי דעות. די מייסטע גלויבען, אז מיט געטהע'ס טויט הויבט זיך אן אין דייטשלאנד א נייער ליטעראר־רישער פעריאד. מיט איהם איז אויך געגאנגען צו דער קבורה דאס אלטע דייטשלאנד. די אריסטאקראטישע ליטעראטור האט דער־גרייכט איהר סוף. די דעמאקראטישע הויבט זיך אן. אדער ווי א פראנצויזישער זשורנאליסט האט זיך דא נים לאנג אויסגעדריקט: „עס איז געקומען א סוף צום גייסט פון יחיד, און ס'האט זיך אנ־געהויבען דער גייסט פון כלל".

וואס אנבעלאנגט מיך, קען איך נים אויף אזא באשטימטען אופן פאראויסזאגען די צוקונפטיגע עוואלוציאן פון דייטשען גייסט. דער סוף פון דעם „געטהע'שען קונסט פעריאד", דעם נא־מען מיט וועלכען איך בין געוועזען דער ערשטער צו באצייכענען יענעם פעריאד, האב איך פון דעסטוועגען פאראויסגעזאגט מיט א סך יאהרען פריהער. און מיין נבואה איז מקוים געווארען! איך האב זעהר גוט געקענט די וועגען און מיטלען פון יענע אונצו־פריעדענע, וואס האבען געוואלט מאכען א סוף צו דעם געטהע'שען קונסט קעניגרייך. און אין די דאמאלסדיגע אנפאלען אויף געטהע האט מען אפילו מיך אויך חושד געווען. נו, איצטער ווען געטהע איז טויט, און איך דערמאן זיך וועגען דעם, נעמט מיך ארום א וואונדערבארער שמערץ.

און אזוי ווי איך גיב אָן די „אַזינע בלעטער" אלס א באַרטזוע־צונג פון פרוי פאָן סטאהל׳ס ווערק De l'Allemagne מוז איך, — כאָטש מען קען פון דעם ווערק א סך לערנען — דאָך וואָרענען, אז מען זאָל זיין פאָרזיכטיג מיט איהר בוך, און איך מוז עס באַצייכענען אלס א דורכאויס קאָטעריע־בוך. פרוי פאָן סטאהל, עהרע צו איהר אנדענק, האָט דאָ אין דער פאָרם פון א בוך, גלייכצייטיג געעפענט א סאַלאָן, אין וועלכען זי האָט אויפגע־נומען דייטשע שריפטשטעלער, און זיי געגעבען די געלעגנהייט, זיך באַקאַנט צו מאַכען אין דער ציוויליזירטער פראנצויזישער וועלט: אבער אין דעם טומעל פון די פארשיעדענסטע קולות, וואָס שרייען ארויס פון יענעם בוך, הערט מען דאָך אלעמאָל צום שטאַרקסטען דעם פיינעם דיסקאַנט פון הער א. וו. שלעגעל. דאָרט וואו זי איז אין גאַנצען זי, דאָרט ווי די גרויספיהלענדיגע פרוי רעדט זיך ארויס אונמיטעלבאר מיט איהר גאַנצען שטראהלענדי־גען הארץ, מיט דעם גאַנצען פייערווערק פון איהרע גייסטיגע ראַ־קעטען און בריליאַנטענע משוגעת׳ן, דאָרט איז דאָס בוך גוט און אויסגעצייכענט. אזוי שנעל אבער ווי זי הערט זיך צו צו פרעמדע איינפלוסען, אזוי שנעל ווי זי הולדיגט א שולע, וועמענס וועזען עס איז פאר איהר פרעמד און אונבאגרייפליך, אזוי שנעל ווי דורך די לויבגעזאַנגען אויף דער שולע שטעלט זי זיך איין פאר געוויסע אולטראַ־מאָנטאַנע טענדענצען, וואָס שטעהען אין א דירעקטען ווידערשפרוך מיט איהר פּראָטעסטאַנטישער קלאָרקייט, דאָרט איז דאָס בוך צרה׳דיג און ניט אין האנד צו נעמען. דערצו קומט נאָך צו דאָס, וואָס זי איבט אוים, א חוץ די אונבאוואוסטזיניגע, אויך באַ־וואוסטזיניגע פּארטייליכקייטען. וואָרים מיט די לויבגעזאַנגען אויף דעם גייסטיגען לעבען, דעם אידעאליזם אין דייטשלאנד איז זי איי־גענטליך נאָר אויסען צו שלאָגען דעם דאמאָלסטיגען רעאליזם פון די פראנצויזען, די מאטעריעלע הערליכקייט פון דעם קייזערליכען פּעריאָד. איהר בוך De l'Allemagne איז אין דער הינזיכט גלייך צו דעם ווערק „גערמאַניא" פון טאַציטוס, וועלכער האָט מיט זיין אפּאלאָגיע פון די דייטשען אפשר אויך געוואָלט שרייבען אַן אינדירעקטע סאַטירע אויף זיינע לאַנדסלייט.

ווען איך האָב אויבען דערמאָנט אַ שולע וואָס ווערט געלויבט פון פרוי פאָן סטאהל, און וועמענס טענדענצען זי רעקאָממאַנדירט, מיין איך דערמיט די ראָמאַנטישע שולע. אַז אָט די שולע איז געווען אין דייטשלאַנד אין גאַנצען אַנדערש ווי דאָס וואָס מען באַצייכענט אין פראַנקרייך מיט דעם נאָמען, אַז איהרע טענדענצען זענען געווען אין גאַנצען פאַרשיעדען פון די טענדענצען פון די פראַנצויזישע ראָמאַנטיקער, דאָס וועט קלאָר ווערען אין די פאָלגענדע בלעטער.

וואָס איז אָבער געווען די ראָמאַנטישע שולע אין דייטשלאַנד?

זי איז ניט געווען עפּיס אַנדערש ווי דאָס אויפוועקען פון דער פּאָעזיע פון מיטעלאַלטער, ווי זי האָט זיך מאַניפעסטירט אין די מיטעלאַלטערליכע ליעדער, בילדער און בוי־ווערק, אין דער קונסט און אין לעבען. די דאָזיגע פּאָעזיע איז אָבער אַרויסגעקומען פון קריסטענטום. זי איז געווען אַ פּאַסיאָנס־בלום, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט פון קריסטוס'עס בלוט. איך ווייס ניט צי די מעלאַנכאָלישע בלום, וואָס מיר רופען זי אין דייטשלאַנד די פּאַסיאָנס־בלום, האָט אויך אין פראַנקרייך דעם דאָזיגען נאָמען. און צי ווערט איהר פון דער פאָלקסלעגענדע אויך צוגעשריעבען יענער מיסטישער אורשפּרונג. דאָס איז יענע מאָדנע ניט שענע בלום, אין וועמענס בעכער מען זעהט אָפּגעמאָלט די אַלע כלים, מיט וועלכע מען האָט געמאַטערט קריסטוס'ען, ווען מען האָט איהם געקרייציגט. נעמליך, אַ האַמער, אַ צוואַנג, נעגעל א. אז. וו. אַ בלום וואָס איז גאָר ניט אַזוי מיאוס, נאָר וואָס זי איז געשפּענסטיש. יאָ, נאָך מעהר, וועמענס אַנבליק וועקט גאָר אויף אין אונזער נשמה אַ מין גרוילהאַפטען פאַרגעניגען, וואָס איז גלייך צו יענע קראַמפּהאַפט־זיסע געפיהלען, וועלכע געהען אַרויס פון דעם שמערץ אַליין. אין דער הינזיכט, איז די דאָזיגע בלום געווען דער בעסטער סימבאָל פאַר דעם קריסטענטום גופא, וועמענס שוידערליכסטער רייץ באַשטעהט טאַקי אין דעם תענוג פון שמערץ.

הגם אין פראנקרײך פארשטעהט מען אונטער דעם נאמען קריסטענטום נאר דעם רוימישען קאטוליציזם, מוז איך פון דעסט־וועגען דאך באזונדערס באטאנען, אז איך רעד נאר פון דעם לעצ־טען. איך רעד נאר פון יענער רעליגיאן, אין וועמענס ערשטע דאג־מען עס געפינט זיך א חרם אויף דעם גוף, און וועלכע גיט דעם גייסט ניט בלויז די אויבערמאכט איבער דעם חומר, נאר וויל אויך דעם חומר אפטויטען, כדי דעם גייסט צו פארהערליכען; איך רעד פון יענער רעליגיאן, דורך וועמענס אונאטירליכע אויפגאבע עס איז איינגענטליך געקומען אויף דער וועלט די זינד און דער היפאָ־קריטיזם. ווארים טאקי דורך אט דעם חרם אויף דעם חומר, זענען די אונשולדיגסטע זינליכע פריידען געווארען א זינד, און דורך דער אונמעגליכקייט צו זיין אין גאנצען גייסט, האט זיך געמוזט אויסארבייטען דער היפאָקריטיזם; איך רעד פון יענער רעליגיאן, וועלכע לערנט אונז, אז די ערדישע גיטער זענען הבל הבלים, און אז מען דארף האבען דעם מוט פון א הונד און דעם געדולד פון א מלאך, און איז דורך דעם געווארען די בעסטע שטיצע פון דעס־פאָטיזם. די מענשען האבען איצטער דערקענט דעם מהות פון דער דאָזיגער רעליגיאן. זיי לאָזען זיך מעהר ניט אפּקארמענען מיט עולם הבא. זיי ווייסען, אז אויך די מאטעריע האט איהר גוטע זייט, און באלאנגט ניט אין גאנצען צום טייוועל. און זיי פאדערן צוריק דאס רעכט צו מעגען געניסען אויף דער וועלט, אין אט דעם שענעם געטליכען גארטען, אונזער נחלה וואס קען צו קיינעם ניט איבער־געהן. טאקי ווייל מיר באגרייפען איצטער אזוי גוט אלע קאנסעק־ווענצען פון יענעם אבסאָלוטען ספּירימואליזם, דארפען מיר אויך גלויבען, אז די קריסטליך־קאטוילישע וועלט־אנשויאונג איז געקומען צו איהר סוף. ווארים יעדע עפּאָכע איז א ספינקס, וואס ווארפט זיך אראפּ אין אבגרונד אריין, אזוי שנעל ווי מען לעזט אויף איהרע רעטענישען.

מיר קענען דאַ אבער בשום אופן ניט אפּלייקענען די נוצען וואס די קריסטליך־קאטוילישע וועלט־אנשויאונג האט געבראכט פאר אייראָפּא. זי איז נויטיג געווען אלס א היילזאמע רעאקציאָן אקעגען דעם גרויענהאפטן קאלאסאלען מאטעריאליזם וואס האט זיך

נעהאט ענטוויקעלט אין דעם רוימישען קעניגרייך, און האט גע־סטראשעט צו פארניכטען אלע הערליכקייטען פון די מענשען. פונקט אזוי ווי די צוויי־דייטיגע מעמוארען פון דעם פריהערדיגען יאהרהונדערט האבען צוגעגרייט די **pieces justificatives** פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן; און פונקט אזוי ווי דער טער־ראריזם פון א **comite de salut public** זעהט אויס פאר אונז ווי א גוימוועגדיגע מעדיצין, ווען מיר לייענען די זעלבסט־באקענט־נישען פון דער פראנצויזישער אריסטאקראטישער וועלט: אזוי דערקענט מען אויך די היילזאמקייט פון דעם אסקעטישען ספירי־טואליזם, ווען מען לייענט עפּיס פון פעטראניוס אדער פון דעם אפולעיוס. ביכער, וועלכע מען קען באטראכטען אלס די **pieces justificatives** פון דעם קריסטענטום. דער חומר איז געווארען אזוי חוצפה'דיג אין דער רוימישער וועלט, אז עס האט געמוזט קומען די קריסטליכע דיסציפּלין וועלכע זאל איהם רייניגען. נאך דעם מאהלצייט פון א טרימאלקיאן האט מען גע־מוזט האבען אזא הונגער־קור ווי דאס קריסטענטום.

אדער אפשר פונקט אזוי ווי אלטע בעל תאוות לאזען זיך שמייסען מיט ריטער, כדי אויפצורייצען דעם אפגעשוואכטען גוף צו נייע געגוססעהיקייטען, אזוי האט דאס פארעלטערטע רוים זיך געלאזט מאנאכיש שמייסען, כדי צו געפינען ראפינירטע גענוסען אין די יסורים גופא, און קריגען די הנאה אין דעם שמערץ?

שלעכטע אויפרייצונגס־מיטלען! זיי האבען גערויבט פון דעם רוימישען שטאאטסקערפער די לעצטע כחות. ניט דורך דער צו־טיילונג אין צוויי מלוכות איז רוים צו גרונד געגאנגען; ביים באספארוס פונקט אזוי ווי ביים טיבער איז רוים אויפגעפרעסען געווארען פון דעם זעלביגען יודעאישען ספּיריטואליזם. און דא ווי דארטען איז די רוימישע געשיכטע געווארען די לאנגזאמע גסיסה, אן אגאניע וואס האט געדויערט הונדערטער יאהרען. האט אפשר דאס צו'הרג'עטע יהודה, מיט דעם ספּיריטואליזם וואס עס האט געשאנקען צו רוים, זיך געוואלט נוקם זיין אן דעם זיגענדיגען שונא, פונקט אזוי ווי אמאל דער שטארבענדיגער קענטאור, וועלכער האט צו דעם זוהן פון יופּיטער איבערגעלאזט

זײן פֿאַרדערבליך קלײד, װעלכעס איז פֿאַרגיפֿטעט געװאָרען פֿון זײן אײגענעם בלוט? װירקליך, רױם, דער הערקולעס צװישען די פֿעלקער, איז דורך דעם יודעאישען גיפֿט אַזױ פֿאַרצעהרט געװאָרען, אַז דער העלם און דער פּאַנצער זענען אַרונטערגעפֿאַלען פֿון זײנע װעלקענדיגע גליעדער, און זײן אימפּעראַטאָרישע קאַמפּף־שטים איז געװאָרען אַזױ שװאַך, אַז זי איז פֿאַרװאַנדעלט געװאָרען אין דעם בעטענדיגען געיאָמער פֿון גלחים און געטרילער פֿון סריסים.

אַבער דאָס װאָס נעמט בײם זקן צו די כחות, דאָס מאַכט שטאַרק דעם יונגען בחור. יענער ספּיריטואַליזם האָט געװירקט װי אַ הײלונג אױף די צוגעזונטע פֿעלקער פֿון צפֿון; די באַרבאַרישע לײבער מיט צופֿיעל בלוט זענען געװאָרען קריסטליך פֿאַרגײס־טיגט; עס האָט זיך אָנגעהױבען די קריסטליכע ציװיליזאַציאָן. דאָס איז געװען אַ לױבענסװערטע, הײליגע זײט פֿון דעם קריסטענטום. אין דער הינזיכט האָט זיך די קאַטױלישע קירך ערװאָרבען די גרעסטע תביעות אױף אונזער פֿאַרעהרונג און באַװאונדערונג. זי האָט געװאוסט װי אַזױ דורך גרױסע געניאַלע אינסטיטוציאָנען אײנצוצאַמען די בעסטיאַליטעט פֿון די נאָרדישע באַרבאַרען און די ברוטאַלע מאַטעריע צו באַזיעגען.

די קונסטװערק פֿון מיטעלאַלטער װײזען אונז יענעם נצחון פֿון גײסט איבער דער מאַטעריע. און אָפֿטמאָל איז דאָס אפשר אױך איהר גאַנצע אױפֿגאַבע. די עפּישע דיכטונגען פֿון יענער צײט װאָלט מען לײכט געקענט קלאַסיפֿיצירען לױט דעם גראַד פֿון אָט דער אײנצאַמונג.

פֿון לירישע און דראַמאַטישע דיכטונגען קען דאָ קײן רײד ניט זײן; װאָרים די לעצטע האָבען גאָר ניט עקזיסטירט. און די ערשטע זענען זעהר עהנליך אין אַלע צײטען, פּונקט אַזױ װי די ליעדער פֿון די נאַכטיגאַלען זענען עהנליך אין יעדען פֿריהלינג.

הגם די עפּישע פּאָעזיע פֿון מיטעלאַלטער איז צוטײלט אין הײ־ליגע און פּראָפֿאַנע, זענען דאָך בײדע מינים, לױט זײער מהות געװען אין גאַנצען קריסטליך. װאָרים, װען די הײליגע פּאָעזיע האָט אפֿילו נאָך באַזונגען דאָס אידישע פֿאָלק, װעלכעס האָט געגאָל־

טען פאר דאָס איינציג הייליגע פאָלק, און זיין געשיכטע, וועלכע האָט געהייסען די איינציג הייליגע, און די העלדען פון דעם אַלטען און נייעם טעסטאַמענט אין די לעגענדען קורץ — די קירך, האָט זיך דאָך אין דער פּראָפאַנער פּאָעזיע אָפּגעשפּיגעלט דאָס גאַנצע דאַמאָלסדיגע לעבען מיט אַלע זיינע קריסטליכע אַנשויאונגען און באַשטרעבונגען. די העכסטע בליהונג פון דער הייליגער דיכטקונסט אין דעם דייטשען מיטעלאַלטער איז אפשר באַרלאַאם און יהושפט. אַ געדיכט אין וועלכען עס ווערט צום קאָנסעקווענטעסטען געפּרעדיגט די לעהרע פון דער אבנעגאַציאָן, פון צוריקגעהאַלטענקייט, פון רעזיגנאַציאָן, פון פאַרוואַרפען יעדע וועלטליכע הערליכקייט. לעבען דעם האַלט איך דעם „לויב־געזאַנג אויף דעם הייליגען אַנאָ" אַלס דאָס צווייטע בעסטע געדיכט פון דעם הייליגען מין. אָבער אָט דאָס צווייטע געדיכט שלאָגט זיך שוין אָן ווייט אין דעם וועלטליכען. עס אונטערשיידט זיך בכלל פון דעם ערשטען, אונגעפעהר ווי אַ ביזאַנטיש בילד פון אַ הייליגען אונטערשיידט זיך פון אַן אַלט־דייטשען. פּונקט אַזוי ווי אויף יענעם ביזאַנטישען בילד זעהען מיר אויך אין „באַרלאַאם און יהושפט" די העכסטע איינפאַכקייט. אין ערגיץ זעהט מען ניט קיין פּערספּעקטיווע זייטיגע ווערק, און די לאַנגע, מאַגערע סטאַטוען־עהנליכע גופים און די אידעאַלע ערענסטע געזיכטער טרעטען אַרויס שטרענג אָפּגעצייכענט, ווי פון אַ ווייכען גאָלד גרונד; — אין'ם „לויב־געזאַנג אויף דעם הייליגען אַנאָ" ווערט, פּונקט אַזוי ווי אויף אַלט־דייטשע בילדער דאָס זייטיגע כמעט פאַר דעם עיקר. און טראָץ דער גראַנדיעזער אַנלאַגע, איז דאָך דאָס איינצעלנע אויסגעפיהרט מיט אַלע פּינקטליכקייטען, און מען וויים ניט צי זאָל מען דערביי באַוואונדערן די קאָנצעפּציאָן פון אַ ריעז, צי די געדולד פון אַ קאַרליק. אָטפריעד'ס עוואַנגעליענגעדיכט, וואָס מען פלעגט ריהמען אַלס דאָס הויפּטווערק פון דער הייליגער פּאָעזיע, איז ווייט ניט אַזוי אויסגעצייכענט ווי די דערמאָנטע ביידע דיכטונגען.

אין דער פּראָפאַנער פּאָעזיע, געפינען מיר נאָר צוערשט דעם זאַגען־ציקלוס פון די ניבעלונגען און פון דעם העלדענבוך; דאָ הערשט נאָך דער גאַנצער געדאַנקען־גאַנג און די געפיהלען פון דער פאַר־

קריסטליכער צייט. דא איז די רויהע קראפט נאך ניט אראפגע־
מילדערט געווארען צום ריטערטום. דא שטעהען נאך ווי שטיינערנע
בילדער, די קעמפער פון צפון, און דאס זאנפטע ליכט, און דער
זיטליכער אטעם פון קריסטענטום דרינגט נאך ניט דורך די אייי־
זערנע פאנצערס. אבער עס הויבט שוין ביסלעכווייז אן צו טאגען
אין די אלטגערמאנישע וועלדער. די אלטע געצען־דעמבעס ווערען
אונטערגעהאקט, און עס ענטשטעהט א ליכטיגער קאמפס־פלאץ,
וואו דער קריסט קעמפט מיט דעם געצענדיענער: און דאס זעהען
מיר אין דעם זאגען־ציקלוס וועגען קארל דעם גרויסען, וואו עס
שפיגלען זיך אייגענטליך אפ די קרייצצוגען מיט זייערע הייליגע
טענדענצען. איצט אבער, פון דער קריסטליך־ספיריטואליזירטער
קראפט, ענטוויקעלט זיך די אייגענארטיגסטע ערשיינונג פון דעם
מיטעלאלטער: דאס ריטערטום, וואס צום סוף דערהויבט עס זיך
נאך, און ווערט א גייסטליך ריטערטום. יענעס, דאס וועלטליכע ריי־
טערטום זעהען מיר צום שענסטען פארהערליכט אין דעם זאגען־
קרייז פון דעם קעניג ארטור, וואו עס הערשט די זיסעסטע גא־
לאנטעריע די אויסגעבילדסטע העפליכקייט, און די אוואנטוריס־
טישסטע קאמפס־לוסט. אוים די זיס־נארישע אראבעסקען און פאנ־
טאסטישע בלומענבילדער פון די דאזיגע געדיכטען, גריסען אונז
דער טייערער איוואיז, דער פארטרעפליכער לאנצעלאט פונ׳ם ים,
און דער בראווער, גאלאנטער, עהרליכער, אבער אביסעל לאנגוויי־
ליגער איגאלאים. לעבען דעם דאזיגען זאגען־ציקלוס זעהען מיר דעם
מיט איהם פארוואנדטען און פארוועבטען זאגען־ציקלוס פון דעם
„הייליגען גראל“, וואו עס ווערט פארהערליכט דאס גייסטליכע
ריטערטום. און דא טרעטען אונז אקעגען דריי פון די גראנדיעזסטע
געדיכטען פון מיטעלאלטער: „דער טיטורעל“, דער „פארסיפאל“
און דער „לאהענגרין“: דא שטעהען מיר שוין פנים אל פנים אקע־
גען דער ראמאנטישער פאעזיע. מיר קוקען איהר טיעף אריין אין די
גרויסע ליידענדיגע אויגען, און איידער מיר קוקען זיך ארום,
כאפט זי אונז ארום מיט איהרע סכאלאסטישע נעצען און פיהרט
אונז אראפ אין דער ווילדער טיעפעניש פון דער מיטעלאלטער־
ליכער מיסטיק. ענדליך זעהען מיר אבער אויך געדיכטען אין יע־

נער צייט, וואס הולדיגען ניט דעם קריסטליכען ספירימואליזם. יא, נאך מעהר, אין וועלכע דער ספיריטואליזם ווערט נאך באקעמפט: וואו דער דיכטער ווארפט פון זיך אראפ די קייטען פון די אבס־טראקטע קריסטליכע טוגענדען, און לאזט זיך וואויל געהן אין דער גענוס־וועלט פון דער פאַרהערליכטער זינליכקייט; און עס איז גראד ניט דער ערגסטער דיכטער, דער וואס האט אונז איי־בערגעלאזען דאס הויפט ווערק פון את דער ריכטונג, נעמליך, דעם „טריסטאן און איזאלדע". יא, איך מוז מודה זיין, אז גאטפריעד פאן שטראסבורג, דער פארפאסער פון את דעם שענסטען געדיכט פון מיטעלאלטער, איז אפשר אויך דער גרעסטער דיכטער פון מיטעאלטער, און שטייגט נאך אפשר אריבער אלע הערליכקייטען פון וואלפראך פאן עשענבאך, וועמען מיר באוואונדערן אזוי אין פארסיפאל און אין די פראגמענטען פון טיטורעל. איצטער איז אפשר שוין ערלויבט דעם מייסטער גאטפריעד צו לויבען און צו ריהמען. אין זיין צייט האט מען זיין בוך געוויס געהאלטען פאר אפיקורסיש, און עהנליכע דיכטונגען, צו וועלכע עס האט שוין גע־הערט דער לאנצעלאט, פאר געפעהרליך. און עס זענען ווירקליך פאר־געקומען פארשיעדענע געשעהענישען. פראנטשעסקא דא פאלענטא און איהר שענער פריינד האבען געמוזט טייער באצאהלען דערפאר, וואס זיי האבען איין טאג צוזאמען געלייענט אזא בוך; — די גרעסערע געפאהר איז ווירקליך באשטאנען אין דעם, וואס זיי האבען פלוצלינג אויפגעהערט צו לייענען!

די פאעזיע אין את די אלע געדיכטען פון מיטעלאלטער טראגט א באשטימטען כאראקטער, דורך וועלכען זי אונטערשיידט זיך פון דער פאעזיע ביי די גריכען און די רוימער. און א דאנק את דעם אונטערשייד רופען מיר די מיטעלאלטערליכע פאעזיע, — די ראמאנטישע און די גריכיש־רוימישע — די קלאסישע. די דאזיגע נעמען אבער זענען אונזיכערע רובריקען, און האבען ביז אהער געפיהרט צו די ערגסטע צומישעענישען, וואס זענען געווארען נאך גרעסער, ווען מען האט די אנטיקע פאעזיע אנשטאט קלאסיש אויך אנגעהויבען רופען: פלאסטיש. את א דא איז געלעגען דער יסוד פון אלע מיספארשטענדנישען. ווארים די קינסטלער מוזען אלע מאל

באַרבײטען זײער שטאָף פּלאַסטיש. מעג ער זײן קריסטליך צי
הײדניש, זײ מוזען איהם פאַרשטעלען אין קלאָרע שטריכען. קורץ:
פּלאַסטישע געשטאַלטונג מוז זײן די הױפּטזאַך אין דער ראָמאַנטיש
מאָדערנער קונסט פּונקט אַזױ װי אין דער אַנטיקער קונסט. און אין
דער אמת'ן זענען ניט די פיגורען אין דאַנטע'ס געטליכע קאָמע־
דיע, אָדער אױף די בילדער פון ראַפּאַעל פּונקט אַזױ פּלאַסטיש
װי די פיגורען בײ װירגיל אָדער אױף די װענט פון דעם הערקו־
לעום? דער חילוק באַשטעהט נאָר אין דעם, װאָס די פּלאַסטישע
געשטאַלטען אין דער אַנטיקער קונסט זענען גאַנץ אידענטיש מיט
דער זאַך, װאָס זײ שטעלען פאָר, מיט דער אידעע, װאָס דער
קינסטלער האָט געװאָלט פאַרשטעלען, אַזױ למשל מײנען די װאַנ־
לענישען פון אַ אָדיסעאוס ניט עפּיס אַנדערש, װי די װאַנלענישען
פון אַ מאַן, װאָס איז געװען אַ זוהן פון לאַערטעס, און אַ מאַן פון
פּענעלאָפּעיאַ און האָט געהײסען אָדיסעאוס; און אַז װײטער באַק־
כוס, װעמען מיר זעהען אין לואװר, איז ניט עפּים אַנדערש װי דער
חנ'עװדיגער זוהן פון סעמעלע מיט דעם מוטיגען אומעט אין זײנע
אױגען און מיט דער הײליגער תאװה אין זײנע געװעלבטע װײכע לי־
פּען. אַנדערש אבער איז עס אין דער ראָמאַנטישער קונסט. דאָ האָ־
בען די װאַנלענישען פון אַ ריטער נאָך אַ עזאָטערישע באַדײטונג.
זײ זענען אפשר אױך אַ משל אױף די װאַנלענישען פון דעם לעבען
בכלל; דער דראַקאָן װאָס װערט בײגעקומען, — איז די זינד; דער
מאַנדעלבױם װאָס שיקט צום העלד פון װײטענס זײנע טרײסטענ־
דיגע ריחות, איז די הײליגע דרײאײניקײט: גאָט־פּאַטער, גאָט־
זוהן און גאָט־הײליגער גײסט, װאָס זענען אין דערזעלבינער צײט
אױך אײנס, פּונקט אַזױ װי די נוס, שאָל און דער יאָדער זענען די־
זעלבינע מאַנדעל. װען האָמער באַשרײבט די כלי־זײין פון אַ העלד,
איז עס ניט עפּים אַנדערש װי גוטע כלי־זײין און זענען װערט אַזױ
פיעל און אַזױ פיעל אַקסען; װען אבער אַ מאַנאַך פון מיטעלאַל־
טער באַשרײבט די קלײדער פון גאָטס מאַמע, קען מען זיך פאַר־
לאָזען דאַרױף, אַז מיט אַט די קלײדער האָט ער אױך אין זין גע־
האַט אַזױ פיעל פאַרשידענע טוגענדען; און אַז אַ גאָר באַזונדערער
זין ליגט פאַרבאָרגען אונטער אַט די הײליגע קלײדער, װאָס דע־

קען צו די אונבאַפלעקטע מיידעלשאַפט פון מאַריאַ, וועלכע, ווייל איהר זוהן איז דאָך דער מאַנדעלקערן, ווערט זי זעלבסטפאַר־שטענדליך באַזונגען אלס דער מאַנדעלצווייט. און דאָס איז איי־גענטליך דער כאַראַקטער פון דער מיטעלאַלטערליכער פּאָעזיע, וואָס מיר רופען זי די ראָמאַנטישע.

די קלאַסישע קונסט האָט נאָר באַדאַרפט פאַרצושטעלען דאָס ענדליכע, און איהרע געשטאַלטען האָבען געקענט זיין אידענטיש מיט דער אידעע פון קינסטלער. די ראָמאַנטישע קונסט האָט גע־וואָלט פאַרשטעלען, אָדער בעסער געזאָגט: אַנווייזען דאָס אונ־ענדליכע און לויטער ספּיריטואַליסטישע באַציהונגען. און דערפאַר האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אַ סיסטעם פון טראַדיציאָנעלע סימ־באָלען, אָדער בעסער געזאָגט: צום פּאַראַבאָלישען. ווי קריסטוס אַליין האָט שוין זיינע ספּיריטואַליסטישע אידעען געוואָלט קלאָר מאַכען דורך משלים. דערפון נעמט זיך דאָס דאָס מיסטישע, רעט־זעלהאַפטע, וואונדערבאַרע און איבערפילטע אין די קונסטווערק פון מיטעלאַלטער; די פאַנטאַזיע מאַכט די שרעקליכסטע אַנשטרענ־גונגען, פאַרצושטעלען דאָס ריין גייסטיגע דורך זינליכע בילדער און זי טראַכט אויס די קאָלאָסאַלסטע משוגעת'ן; זי זעצט אַרויף דעם פּעליאָן אויף דעם אָסאַ, דעם פּאַרסיפאַל אויף דעם טיטורעל, כדי צו דערגרייכען דעם הימעל.

ביי די פעלקער וואו די פּאָעזיע האָט אויך געוואָלט פאַרשטע־לען דאָס אונענדליכע, און די פאַנטאַזיע האָט געבוירען שרעקלי־כע פאַרזעהענישען, ווי למשל ביי די סקאַנדינאַוויער און הינדוסען, געפינען מיר געדיכטען, וואָס מיר האַלטען אויך פאַר ראָמאַנטישע און מיר פלעגען זיי אויך אַזוי רופען.

פון דער מוזיק אין מיטעלאַלטער קענען מיר קיין סך ניט רע־דען. עס פעהלען אונז די דאָקומענטען. ערשט שפּעטער אין זעכ־צעהנטען יאָהרהונדערט זענען ענטשטאַנען די מייסטערווערק פון דער קאַטוילישער קירכענמוזיק, וואָס איהר מין קען מען ניט גענוג אָפּשעצען, ווייל זי דרוקט צום ריינסטען אויס דעם קריסטליכען ספּיריטואַליזם. די רעציטירענדע קונסטען, וואָס זענען לויט זייער נאַטור ספּיריטואַליסטיש, האָבען אין דעם קריסטענ־

טום געקענט זעהר גוט געראָטען. וועניגער גינסטיג איז די דאָזיגע רעליגיאָן געוועזען פאַר די בילדענדע קונסטען. וואָרים אַזוי ווי אויך זיי האָבען געזאָלט פאַרשטעלען דעם זיעג פון גייסט איבער די מאַטעריע, און האָבען דאָך דיזעלביגע מאַטעריע געמוזט באַנוצען אַלס מיטעל פון דער דאַרשטעלונג, דערפאַר האָט די בילדענדע קונסט געהאַט צו לייזען אַן אומנאַטירליכע אויפגאַבע. דערפון נעמען זיך אין דער סקולפּטור און אין דער מאַלעריי יענע אַבשייליכע טעמאַס: מאַרטירער בילדער, קרייציגונגען, שטאַרבענדיגע היילינע, פּייניגונגען פון גוף. די אויפגאַבען גופא זענען געוועזען אַ מאַרטירערטום פאַר דער סקולפּטור. און ווען איך זעה יענע פאַרצעהרטע סטאַטוען, וואו דורך קרום־פרומע קעפּ, לאַנגע, דינע הענד, דאַרע פיס און אונבאַהאָלפּענע אַרויסגעוואָרפענע קליידער, האָבען געזאָלט פאַרגעשטעלט ווערען די קריסטליכע איינצוימונג און פאַראַכטונג צו יעדען זינליכען געפיהל, נעמט מיך אַן אַ שרעקליכער רחמנות אויף די קינסטלער פון יענער צייט. די מאַלער איז עס שוין דערגאַנגען אַביסעל בעסער. וואָרים דאָס מאַטעריאַל פון זייער דאַרשטעלונג, די פאַרב אין איהר אונערפאַסבאַרקייט, אין איהר בונטער שאַטענהאַפטיקייט זענען ניט אַזוי ווידערשפּעניג דעם ספּירימואַליזם ווי דאָס מאַטעריאַל פון די סקולפּטאָרען; און דאָך האָבען אויך זיי, די מאַהלער געמוזט באַ־עקען דאָס זיפצענדיגע לייוונט מיט אַבשטויסענדע געשטאַלטען פון ליידענדע. ווירקליך, יוען מען באַטראַכט אַ מייל בילדער־זאַמלונגען און מען זעהט ניט מעהר פאַרגעשטעלט ווי בלוט־סצענען, און היגריכטונגען, ווילט זיך גלויבען, אַז די אַלטע מייסטערס האָבען די דאָזיגע בילדער געמאָלט פאַר דער גאַלעריע פון אַ תליון.

אָבער דער מענשליכער געניוס וויים אפילו דאָס אומנאַטירליכע צו באַשיינען. אַ סך מאַהלער איז עס געלונגען די אומנאַטירליכע אויפגאַבע שען און ערהאַבען צו לעזען. און איבערהויפּט האָבען די איטאַליענער געוואוסט ווי אַזוי אַרויסצוברענגען שענקייט אויף דעם חשבון פון דעם ספּירימואַליזם, און זיי האָבען זיך געקענט אַרויפהייבען צו יענער אידעאַליטעט, וועלכע האָט דערגרייכט איהר העכסטע מדרגה אין זייערע פאַרשטעלונגען פון דער

מאַדאַנאַ. די קאַטוילישע גלחים האָבען בכלל אַלעמאָל געמאַכט הנחות לגבי דעם סענסואַליזם ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער מאַדאַנאַ. אָט דאָס דאָזיגע בילד פון אונבאַפלעקטער שענקייט, וועלכע האָט נאָך מיט זיך פאַרהערליכט די מוטערליעבע אין דעם שמערץ, האָט געהאַט די פּריווילעגיע געפייערט צו ווערען דורך דיכטער און מאַלער און צו ווערען באַציערט מיט אַלע זינליכע רייצען. וואָרים דאָס דאָזיגע בילד איז געווען דער מאַגנעט, וועלכע האָט דעם גרויסען עולם געקענט אַריינציהען אין דער שוים פון קריסטענטום. מאַדאַם מאַריאַ איז גלייכצייטיג אויך געווען די שענע Dame du comptoir פון דער קאַטוילישער קירך, וועלכע האָט צוגעצויגען איהרע קונדען, באַזונדערס די באַרבאַרען פון צפון, מיט איהר הימלישען שמייכעלע.

די אַרכיטעקטור האָט אין מיטעלאַלטער געטראָגען דעמזעלביגען כאַראַקטער ווי די אַנדערע קונסטען: אַלע מאַניפעסטאַציאָנען פון לעבען האָבען דעמאָלט בכלל האַרמאָנירט אויף דעם וואונדערבאַרסטען אופן. דאָ אין דער אַרכיטעקטור האָט זיך אַרויסגעוויזען דיזעלביגע פּאַראַבאָלישע טענדענץ ווי אין דער דיכטקונסט. ווען מיר קומען היינט אַריין אין אַן אַלטען דאָם, קענען מיר זיך נאָך קוים פאַרשטעלען דעם עזאָטאַרישען זין פון זיין שטיינערנער סימבאָליק. נאָר דער אַלגעמיינער איינדרוק פּרעסט זיך אונמיטעלבאַר אָפּ אויף אונזער געמיט. מיר פיהלען דאָ די דערהויבונג פון גייסט און די צוטרעטונג פון דעם חומר. דאָס אינערליכע פון דעם דאָם איז אַ הוילער צלם און מיר דרעהען זיך דאָ אַרום אין דעם ווערקצייג פון דער פּייניגונג גופא: די בונטע פענסטער וואַרפען אויף אונז זייערע רויטע און גרינע ליכט, ווי בלוט־טראָפּענס און אייטער; ליעדער פון שטאַרבענדיגע קלאָגען אַרום אונז; אונטער אונזערע פיס מצבות פון טויטע און צושטערונג; און מיט די קאָלאָסאַלען קאָלאָנען שטרעבט דער גייסט אַרויף אין דער הויך, און רייסט זיך אָפּ פון גוף, וועלכער פאַלט צו דער ערד ווי אַן איבעריג קלייד. ווען מען קוקט זיי אָן פון דרויסען, אָט די גאָטישע קירכען, אָט די אונגעהייערע געביידען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרען אַזוי לופטיג, אַזוי ריין, אַזוי ציערליך און אַזוי דורכזיכטיג, אַז מען קען זיי

האַלטען פאַר אויסגעשניצטע, אָדער פאַר בראַבאַנטער שפּיצען פון מאַרמאָר, דערפיהלט מען ערשט רעכט דעם כח פון יענער צייט, װעלכע האָט אַפילו דעם שטײן געקענט אַזוי באַװעלטיגען, אַז ער זעהט אויס געשפּענסטיש דורכגענומען מיט גײסט, אַזוי אַז אַפילו אַט די האַרטסטע מאַטעריע דריקט אויס דעם קריסטליכען ספּירי־טואַליזם.

אָבער די קונסטען זענען נאָר דער שפּיגעל פון לעבען. און פּונקט אַזוי װי דער קאַטאָליציזם האָט זיך אויסגעלאָשען אין לע־בען, אַזוי איז ער אויך אויסגעגאַנגען אין דער קונסט. אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן איז די קאַטאָלישע פּאָעזיע אַלץ מעהר און מעהר פאַרשװאונדען געװאָרען פון אײראָפּאַ. און מיר דערזעהען אויף איהר אָרט װידער אויפלעבען די שוין לאַנג אָפּגעשטאָרבענע גריכישע פּאָעזיע. עס איז אמת נאָר געװען אַ געקינצעלטער פריה־לינג. די אַרבײט פון אַ גערטנער און ניט פון קײן זון. און די בױ־מער און די בלומען האָבען געװאַקסען אין ענגע טעפּ און אַ גלע־זערנער הימעל האָט זײ באַשיצט פון רעגען און קעלט.

אין דער װעלט געשיכטע איז ניט יעדע געשעהעניש די אונ־מיטעלבאַרע פאָלגע פון אַן אַנדער געשעהעניש. אַלע פּאַסירונגען האָבען גיכער אַ געגענזײטיגע װירקונג אײנס אויפ׳ס אַנדערע. די ליעבע צום גריכענטום און דער פאַרלאַנג זי נאָכצומאַכען איז בשום אופן ניט אַריבער געקומען צו אונז דורך די גריכישע חכמים, װאָס האָבען צו אונז אַריבער אימיגרירט נאָך דער עראָבערונג פון ביצאַנץ, נאָר אין דער קונסט פּונקט אַזוי װי אין לעבען האָט זיך אויך דאָ דערװעקט אַ גלײכצײטיגער פּראָטעסטאַנטיזם; לעאָ דער צעהנטער, דער פּרעכטיגער מעדיטשעער, איז געװען פּונקט אַזאַ אײ־בערגעבענער פּראָטעסטאַנט װי לוטהער; און פּונקט אַזוי װי מען האָט אין װיטענבערג פּראָטעסטירט אין לאַטײנישער פּראָזאַ, אַזוי האָט מען אין רױם פּראָטעסטירט אין שטײן, פאַרבען און אין אָקטאַװ גראַמען. אָדער זענען אפשר די מאַרמאָרענע געשטאַל־טען פון מיקעל אַנדזשעלאָ, די לאַכענדיגע נימפען־געזיכטער פון דזשוליאָ אַנדזשעלאָ, און די לעבענס שכור׳ע הײטערקײט אין די פערזען פון דעם מײסטער לודװיקאָ, ניט געװען קײן פּראָטעס־

טאַנטישער געגענזאַץ צו דעם אַלט־פינסטערן באַטריעבטן קאַטוליציזם? די מאָלער פון איטאַליען האָבן געגען דעם גלחים׳טום פּאָלעמיזירט אפשר א סך ווירקזאַמער ווי די זאַקסישע טהעאָלאָגן. דאָס בליהענדיגע פלייש אויף די בילדער פון א טיציאַן, דאָס איז אַלץ פּראָטעסטאַנטיזם. די לענדען פון זיין ווענוס זענען א סך גרינדליכערע טהעזען, ווי די, וועלכע דער דייטשער מאָנאַך האָט אויפגעקלעפּט אויף דער קירכענטיר פון וויטענבערג. — דעמאָלט האָט זיך געדאַכט, ווי אַלע מענשען וואָלטען זיך מיט אמאָל דערפיהלט אויסגעלייזט פון א טויזענדיעהריגען צוואַנג; באַזונדערס האָבען ווידער פריי אויפגעאָטעמט די קינסטלער, ווען עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז דער קאָשמאַר פון קריסטענטום האָט זיך אַראָפּגעקייקעלט פון דער ברוסט; ענטוזיאַסטיש האָבען זיי זיך אַריינגעוואָרפען אין דעם ים פון דער גריכישער הייטערקייט, פון וועמענס שוים עס זענען זיי ווידער אַקעגען געשוואוּמען שענהייטס געטינס; די מאָלער האָבען ווידער געמאָלט די אַמבראָזישע פרייד פון דעם אָלימפּ; די סקולפּטאָרען האָבען ווידער מיט דעם אַלטען חשק אויסגעהאַקט די אַלטע העראָען פון דעם מאַרמאָרענעם שטיין; די פּאָעטען האָבען ווידער באַזונגען דאָס הויז פון אַטרעאוּס און דאָס הויז פון לאַיאָס; עס האָט זיך אָנגעהויבען דער פּעריאָד פון דער ניי־קלאַסישער פּאָעזיע.

פונקט אַזוי ווי אין פראַנקרייך האָט זיך דאָס מאָדערנע לעבען צום בעסטען אויסגעבילדעט אין די צייטען פון לודוויג דעם פיערצעהנטען, אַזוי האָט אויך דאָרט די ניי־קלאַסישע פּאָעזיע דערגרייכט איהר שלמות. יאָ, נאָך מעהר, אין א געוויסען זין, איז זי אויך דערגאַנגען צו א זעלבסטשטענדיגער אָריגינאַליטעט. דורך דעם פּאָליטישען איינפלוס פון דעם גרויסען קעניג, האָט זיך אָט די ניי־קלאַסישע פּאָעזיע פאַרשפּרייט אין דעם איבעריגען אייראָפּאַ: אין איטאַליען, וואו זי איז שוין געווען היימיש, האָט זי געקראָגען א פראַנצויזישען קאָלאָריט: מיט דעם אַניאָס זענען די העלדען פון דער פראַנצויזישער טראַגעדיע אויך געקומען קיין שפּאַניען: זיי זענען געגאַנגען קיין ענגלאַנד מיט דער מאַדאַם הענריעטע: און מיר דייטשען, ווי דאָס פאַרשטעהט זיך שוין אַליין, מיר

האבען פאר דעם געפודערטען אלימפ פון ווערזאל געבויט אונזע־
רע מגושם'דיגע טעמפלען. דער באריהמטסטער כהן־גדול פון יענע
טעמפלען איז געווען גאטשעד. יענער גרויסער אלאנגענפארוק,
וועלכען אונזער געטהע האט אזוי גוט באשריעבען אין זיינע מע־
מוארען.

לעסינג איז געווען דער ליטעראַרישער ארמיניוס וואס האט
באפרייט אונזער טעאטער פון יענער פרעמדענהערשאפט. ער האט
אונז געוויזען די נישטיקייט, די לעכערליכקייט, די אבגעשמאקט־
קייט פון יענע נאכמאכונגען נאך דעם פראנצויזישען טעאטער,
וועלכעס האט אליין אויסגעזעהן ווי א נאכמאכונג פון דעם גרי־
כישען. אבער ניט בלויז דורך זיין קריטיק, נאר אויך דורך זיינע
אייגענע קונסטווערק איז ער געווען דער גרינדער פון דער נייער
דייטשער אריגינאל־ליטעראטור. אלע ריכטונגען פון גייסט, אלע
זייטען פון לעבען האט דער מאן פארפאלגט מיט ענטוזיאזם און
אונאייגענציקייט. קונסט, טהעאלאגיע, ארכעלאגיע, דיכטקונסט,
טעאטער־קריטיק, געשיכטע, צו אלע האט ער זיך איבערגעגעבען מיט
דעמזעלביגען פייער און צו דעמזעלביגען צוועק. אין אלע זיינע
ווערק לעבט דיזעלביגע גרויסע סאציאלע אידעע, דיזעלביגע פראג־
רעסיווע הומאניטעט, דיזעלביגע פארנונפט־רעליגיאן, וועמענס
יוחנן המטבל ער איז געווען, און אויך וועמענס משיח מיר ווארטען
נאך. די דאזיגע רעליגיאן האט ער געפרעדיגט תמיד, אבער לײדער
אפטמאל גאנץ אליין און אין דער מדבר. און א חוץ דעם האט איהם
אויך געפעהלט די קונץ צו קענען פארוואנדלען דעם שטיין אין
ברויט. דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען האט ער צוגעבראכט אין
ארימקייט און אין נויט; דאס איז א קללה, וואס ליגט כמעט אויף
אלע גרויסע גייסטער אין דייטשלאנד, און וועט אפשר ערשט דע־
מאלט פארטיליגט ווערען ווען עס וועט קומען די פאליטישע בא־
פרייאונג. לעסינג האט זיך מעהר פארנומען מיט פאליטיק, ווי מען
שטעלט זיך דאס פאר. דאס איז אן איינענשאפט וואס מיר געפינען
גאר ניט ביי זיינע צייט־גענאסען. מיר באמערקען ערשט איצטער
וואס ער האט געמיינט מיט דער שילדערונג פון דעם דאוהעז־דעס־
פאטיזם אין „עמיליא גאלאטי“. דעמאלט האט מען איהם נאר גע־

האלטען פאר דעם פארקעמפער פון דער גייסטיגער פרייהייט און פאר דעם באקעמפער פון דער קלעריקאלער אונטאלעראנץ. ווארים זיינע טהעאלאגישע שריפטען האט מען שוין בעסער פארשטאנען. די פראגמענטען „וועגען דער ערציהונג פון דעם מענשענגעשלעכט" וועלכע אייגען ראדריג האט איבערגעזעצט אויף פראנצויזיש, קענען אפשר דעם פראנצויז געבען א באגריף פון דער ארומנעמענדער ווייטקייט פון לעסינג'ס גייסט. דיביידע קריטישע שריפטען, וועלכע האבען אפשר געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אויף דער קונסט, זענען זיינע „האמבורגישע דראמאטורגיע" און זיין „לאאקאן," אדער איבער די גרעניצען פון דער מאלעריי און פאעזיע." זיינע בעסטע טעאטער שטיקער זענען: „עמיליא גאלאטי", „מינא פאן בארנהעלם" און „נתן דער חכם".

גאטהאלד אפרים לעסינג איז געבוירען געווארען אין קאמענץ, אין דער פראווינץ לאוזיץ, דעם 22טען יאנואר, 1729. און ער איז געשטארבען אין בראונשווייג דעם 15טען פעברואר 1781. ער איז געווען א גאנצער מאן. ער, וואס אין דער צייט, ווען ער האט מיט זיין פאלעמיק באקעמפט צושטערענדיג דאס אלטע, האט ער אויך גלייכצייטיג אליין באשאפען עפיס נייעס און בעסערס; ער איז געווען גלייך, — זאגט א דייטשער אויטאר — צו יענע אידען, וועלכע זענען ביים בויען דאס צווייטע בית המקדש אפטמאל געשטערט געווארען פון שונאים אין זייער ארבייט, און זיי האבען דערפאר מיט איין האנד געקעמפט אקעגען די שונאים און מיט דער צווייטער האנד ווייטער געבויט גאט'ס הויז. דא איז ניט דער פלאץ, אז איך זאל קענען עפיס מעהר זאגען וועגען לעסינג'ען: אבער איך קען ניט ווייטער געהן, איידער איך וועל ניט באמערקען, אז פון דער גאנצער ליטעראַרישער געשיכטע איז ער דער שריפטשטעלער, וועמען איך האב ליעב צום מייסטען.

איך וועל דא אויך נאך דערמאנען א צווייטען שריפטשטעלער, וועלכער האט געווירקט אין דעמזעלביגען גייסט און צו דעם זעלביגען צוועק און קען אנגערופען ווערען לעסינג'ס נאהענטסטער נאכפאלגער. אפשר איז וועגען איהם אויך דא ניט דער פלאץ צו רעדען: ווי ער פארנעמט בכלל אין דער ליטעראטור־געשיכטע א גאנץ

אײנזאמען פּלאַץ, און זײַן פאַרהעלטניש צו זײַן צײַט און צו די מענ־
שען פון דער צײַט קען נאָך אַלץ ניט אױסגעדריקט װערען באַ־
שטימט. דאָס איז יאָהאַן גאָטפריעד הערדער, געבױרען אין יאָהר
1744 אין מאָרונגען, מזרח־פּרײסען און געשטאָרבען אין װײמאַר,
זאַקסען, אין יאָהר 1803.

די ליטעראַטור־געשיכטע איז דער גרעסערער מאָרג, װאו יע־
דער זוכט אױף זײַנע טױטע, װעמען ער האָט ליעב, אָדער מיט
װעלכע ער האָט אַ קרובה'שאַפט. װען איך זעה דאָ, צװישען די
פּיעלע אונבאַדײטענדע מתים, לעסינג'ען אָדער הערדער'ן מיט זײ־
ערע דערהױבענע מענשליכע פּנים'ער, דאַן קלאַפּט אין מיר דאָס
האַרץ. װי קען איך פאַרבײגעהן און ניט אַ קוש טאָן כאָטש פאַר־
בײגעהענדיג די בלאַסע ליפּען!

אָבער לעסינג, הגם ער האָט אַזױ געװאַלדיג צושמעטערט די
נאָכמאַכערײ פון דעם פראַנצױזישען פּסעװדאָגריכענטום, האָט ער
אָבער אַלײן, און טאַקי דורך זײַן אָנװײזונג אױף די װירקליכע
קונסטװערק פון גריכישען אַלטערטום, אין אַ געװיסער מאָס גע־
פיהרט צו אַ נײעם מין נאַרישע נאָכאַהמונג. דורך זײַן באַקעמ־
פען דעם רעליגיעזען אָבערגלױבען, האָט ער אַרױסגערופען זאָגאַר
די ניכטערנע אױפקלעהרונגס־מגפה, װעלכע האָט זיך אַזױ ברײט
אױסגעזעצט אין בערלין, און פון װעלכער דער פאַרשטאָרבענער
ניקאָלאַי איז געװען דער הױפּט־אָרגאַן און די „אַלגעמײנע דײטשע
ביבליאָטעק" — איהר אַרסענאַל. די קלאָגעדיגסטע מיטעלמעסיקײט
האָט דעמאָלט אָנגעהױבען צו שפּיעלען איהר ראָל, אָפּשטױסענד
דער װי װען עס איז פריהער, און דאָס נישטיגע און לײדיגע האָט
זיך אױפגעבלאָזען, װי דער פראָש אין דער פאַבעל.

מען האָט אַ טעות װען מען מײנט, אַז געטהע, װעלכער איז
שױן דעמאָלט געהאַט אַרױפגעשװאָומען, איז שױן אומעטום גע־
װען אָנערקענט. אמת, זײַן „געץ פאָן בערליכינגען" און זײַן „װער־
טהער" זענען אױפגענומען געװאָרען מיט באַגײסטערונג. זענען
אָבער די װערק פון דעם געװעהנליכען שמירער אױפגענומען געװאָ־
רען ניט מיט װײניגער באַגײסטערונג. און מען האָט געטהע'ן נאָר
צוגעטײלט אַ קלײנעם ניש אין דעם טעמפּעל פון דער ליטעראַטור.

נאַר דעם „געץ“ און דעם „ווערטהער“ האָט דאָס פּובליקום, ווי געזאָגט, אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. אָבער זיכער מעהר פאַר דעם שטאָף, דעם אינהאַלט, ווי פאַר זייערע אַרטיסטישע מעלות, וועלכע עס האָט כמעט קיינער ניט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצען אין אָט די מייסטערווערק. „געץ“ איז געווען אַ דראַמאַטישער ריטער ראָמאַן. און דעם דאָזיגען מין האָט מען דעמאָלט ליעב געהאַט. אין דעם „ווערטהער“ האָט מען נאָר געזעהן די בעאַרבייטונג פון אַן אמת'ר געשיכטע. די געשיכטע פון דעם יונגען ירוזאַלעם, אַ יונגער בחור'ל, וועלכער האָט זיך צוליעב ליעבע דערשאָסען אויף טויט. און האָט דורך דעם אין יענער צייט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען טומעל; מיט טרעהרען אין די אויגען האָט מען געלייענט זיינע ריהרענדע בריעף, מען האָט שאַרפזיניג באַמערקט, אַז דער אופן ווי אַזוי „ווערטהער“ איז דערוויטערט געוואָרען פון אַן אדעליגער געזעלשאַפט, האָט איהם נאָך מיאוס'ער געמאַכט דאָס לעבען. די פראַגע וועגען דעם זעלבסטמאָרד האָט צוגעהאָלפען אַז מען זאָל וועגען דעם בוך נאָך מעהר רעדען; עטליכע נאַראָנים זענען געפאַלען אויף דעם געדאַנק ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט זיך אויך צו דערשיסען אויף טויט; דאָס בוך האָט צוליעב זיין אינהאַלט געמאַכט אַ קנאַלענדיגען עפעקט. די ראָמאַנען פון אויגוסט לאַפאַנטעין האָט מען אָבער אויך געלייענט מיט דעמזעלביגען חשק, און אַזוי ווי דער האָט געשריעבען אָהן אַ שיעור, איז ער געווען נאָך באַריהמטער ווי וואָלפגאַנג געטהע. וויעלאַנד איז געווען דער דעמאָלטיגער גרויסער דיכטער, מיט וועמען עס האָט זיך נאָר געקענט פאַרמעסטען אין דער פּאָעזיע דער הער אַדען־דיכטער ראַמלער פון בערלין. וויעלאַנד'ן האָט מען פאַרעהרט ווי אַן אָפּגאָט. נאָך פיעל מעהר ווי מען האָט עס ווען געטאָן צו געטהע. דאָס טהעאַטער האָט באַהערשט איפלאַנד מיט זיינע באַלעבאַטישע קלאָגענדיגע דראַמען, און קאָצעבוע מיט זיינע באַנאַל וויציגע בורלעסקען.

די דאָזיגע ליטעראַטור איז דאָס געווען, אַקעגען וועלכער עס האָט זיך אין די לעצטע יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט אויפגעהויבען אין דייטשלאַנד אַ שולע, וועלכע מיר האָבען גערופען די ראָמאַנטישע, און אַלס איהרע פיהרער האָבען זיך פאַר אונז

פארגעשטעלט די ברידער ווילהעלם אויגוסט און פריעדריך שלע־
געל. אנא, וואו די דאזיגע צוויי ברידער האבען זיך געפונען צו־
זאמען מיט נאך פיעלע גלייכגעשטימטע גייסטער, איז געווען דער
מיטעלפונקט פון וואנען עס איז ארוים די נייע עסטעטישע דאקט־
רין. איך זאג: דאקטרין, ווארים די דאזיגע שולע האט אנגעהוי־
בען מיט בעאורטיילען די קונסטווערק פון דער פארגאנגענהייט און
מיט א פארשריפט פאר די קונסטווערק פון דער צוקונפט. אין די
דאזיגעביידע ריכטונגען האט די שלעגעל'שע שולע גרויסע פאר־
דיענסטען אין דער עסטעטישער קריטיק. ביי דער בעאורטיילונג
פון די שוין פאראנענע קונסטווערק זענען אדער נאכגעוויזען גע־
ווארען זייערע חסרונות, ווען ניט האט מען באלויכטען זייערע
שענהייטען און מעלות. אין דער פאלעמיק ביים אויפדעקען די אר־
טיסטישע חסרונות, זענען די הערן שלעגעל געווען דורכאוים די
נאכמאכער פון דעם אלטען לעסינג. זיי האבען פאר זיך צוגעכאפט
זיין גרויסען מלחמה־שווערד; איז אבער די האנד פון ווילהעלם אוי־
גוסט געווען צו צארט שוואכליך און דאס אויג פון זיין ברודער
פריעדריך, מיסטיש פארוואלקענט, אז יענער זאל קענען אזוי
שטארק א קלאפ טאן און דער זאל קענען אזוי ריכטיג טרעפען
ווי לעסינג. אין דער אנאליזירענדער קריטיק אבער, וואו די שענ־
הייט פון א קונסטווערק דארף באוויזען ווערען, דארט וואו מען
דארף קענען ארויספיהלען די דינגע אייגענטימליכקייטען, און וואו
דאס דארף געבראכט ווערען צום פארשטענדעניש, דא שטעהען די
הערען שלעגעל א סך העכער פון לעסינגען. וואס זאל איך אבער
זאגען וועגען זייערע רעצעפטען פאר די מייסטערווערק. וואס
דארפען ערשט געמאכט ווערען! דא אנטפלעקט זיך ביי די הערן
שלעגעל אן אהנמעכטיקייט, וואס מיר געפינען אויך ביי לעסינג'ן.
אויך ער, שטארק ווי ער איז געווען ביים פארניינען, אזוי שוואך איז
ער געווען ביים בא'יא'ען. זעלטען ווען האט ער געקענט איפשטע־
לען א גרונד־פרינציפ, און נאך זעלטענער א ריכטיגען. עס האט
איהם געפעהלט דער פעסטער באדען פון א פילאזאפיע, א פילאזא־
פיש סיסטעם. דער זעלביגער פאל איז אבער ביי די הערן שלעגעל
נאך אויף א פיעל ערגערער מדרגה. מען דערצעהלט פארשיעדע־

נערליי מעשיות וועגן דעם איינפלוס פון דעם פיכטע׳שען אידעאליזם און פון דער שעלינג׳שער נאטור־פילאזאפיע אויף דער ראמאנטישער שולע. אנדערע ווילען גאר האבען, אז די ראמאנטישע שולע איז ארויסגעוואקסען פון אט דיביידע פילאזאפישע שטות. אבער איך זעה דא העכסטענס נאר דעם איינפלוס פון עטליכע פיכטישע און שעלינג׳עשע געדאנקען־פראגמענטען, אבער בשום אופן ניט קיין פילאזאפיע. הער שעלינג, וועלכער איז דעמאלט געוועז דאצענט אין יענא האט געוויס פערזענליך געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דער ראמאנטישער שולע. ער איז — וואס אין פראנקרייך ווייס מען עס ניט — אויך א שטיק פאעט. און עס הייסט, אז עס איז נאך א ספק, צי זאל ער ניט זיינע אלע פילאזאפישע לעהרען ארויסגעבען אין א פאעטישער, יא נאכמעהר אין א מעטרישער פארם. דער דאזיגער צווייפעל כאראקטעריזירט דעם מענשען.

ווען אבער די ברידער שלעגעל האבען ניט געקענט אנגעבען קיין פעסטע טעאריע פאר די מייסטערווערק, וואס זיי האבען באשטעלט ביי די פאעטען פון זייער שולע, האבען זיי איצטער אויסגעפילט דעם חסרון דערמיט, וואס זיי האבען געלויבט די בעסטע קונסטווערק פון דער פארגאנגענהייט און זיי געמאכט צוגענגליך פאר זייערע שילער. און אט די קונסטווערק זענען געוועז הויפטזעכליך די ווערק פון דער קריסטליך־קאטוילישער קונסט אין מיטעלאלטער. די איבערזעצונג פון שעקספיער וועלכער שטעהט שוין אויף דער גרעניץ פון דער דאזיגער קונסט און שמייכעלט שוין אריין אין אונזער מאדערנער צייט פראטעסטאנטיש קלאר, איז נאר באשטימט געווען פאר פאלעמישע צוועקען, וועלכע, ווען מיר זאלען זיי דא וועלען ארומרעדען, וואלטען זיי אונז ווייט פארפיהרען. אויך איז די דאזיגע איבערזעצונג אונטערגענומען געווארען פון הער א. וו. שלעגעל אין א צייט ווען מען איז נאך ניט געוועזן אזוי באגייסטערט צוריק צוקעהרען זיך אין מיטעלאלטער. שפעטער, ווען דאס איז געשעהן, איז איבערזעצט געווארען קאלדעראן, און מען האט איהם געלויבט נאך שטארקער ווי שעקספיער׳ן; ווארים ביי קאלדעראן האט מען געפונען די פאעזיע פון מיטעלאלטער אם

שטאַרקסטען צובליהט. און דאָס, אין איהרעביידע הויפּטמאָמענ־
טען: ריטערטום און מאָנאַכענטום. די פֿרומע קאָמעדיען פֿון דעם
קאַסטיליאַנישען גלח־דיכטער, וועמענס פּאָעטישע בלומען עס זענען
באַשפּרענקעלט מיט ווייהרויך און קירכליך באַרויכערט, זענען
איצט נאָכגעמאַכט געוואָרען מיט אַלע זייערע היילינע גראַנדעצאַ׳ס,
מיט איהר גאַנצען פּריעסטערישען לוקסוס, מיט אַלע זייערע גע־
בענשטע ווילדקייטען; און דעמאָלט האָבען זיך אין דייטשלאַנד צו־
בליהט יענע בונט־גלויביגע, נאַריש־טיעפזיניגע דיכטונגען, אין
וועלכע מען האָט זיך מיסטיש פֿאַרליעבט, ווי אין דער „אַנדאַכט
צום קרייץ", אָדער מען האָט זיך געשלאָגען פֿאַר דער עהרע פֿון
גאָט׳ס מאַמע, ווי אין דעם „שטאַנדהאַפטען פּרינץ"; און זכריה
ווערנער האָט די זאַך געטריעבען אַזוי ווייט, ווי מען האָט עס נאָר
געקענט טרייבען, און מען זאָל פֿון דער גאַטשאַלסטוו ניט איינגע־
זעצט ווערען אין משוגעים הויז.

— אונזער פּאָעזיע, — האָבען געזאָגט די הערן שלעגעל —
איז אַלט; אונזער מוזע איז אַן אַלטע פֿרוי מיט אַ שפּינדעל; אונ־
זער אַמאָר איז ניט קיין בלאָנד אינגעל, נאָר אַן איינגעשרומפּענער
קאַרליק מיט גרויע האָר; אונזערע געפֿיהלען זענען פֿאַרוועלקט;
אונזער פֿאַנטאַזיע איז פֿאַרדאַרט. מיר מוזען זיך דערפֿרישען. מיר
מוזען ווידער אויפֿזוכען די פֿאַרשאָטענע קוואַלען פֿון דער נאַיוועד,
איינפֿאַכער פּאָעזיע פֿון מיטעלאַלטער, פֿון דאָרטען שפּרודעלט אונז
אַקעגען דער טרונק פֿון דער אייביגער יוגענד. דאָס האָט דאָס
טרוקענע, דאַרע פֿאָלק ניט געלאָזען זאָגען צוויי מאָל; ווער רעדט
די אָרימע דורשטיגע העלזער, וועלכע זענען געזעסען אין זאַמד,
זיי האָבען אודאי געוואָלט נאָך אַמאָל ווערען בליהענדיג און יונג
און זיי האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו יענער וואונדערקוואַל, און
זיי האָבען געטרונקען און געזויפֿען מיט אַן אויסערגעוועהנליכען
חשק. אָבער זיי איז עס דערגאַנגען פּונקט ווי יענעם אַלטען קאַ־
מערמיידעל, וועגען וועלכען מען דערצעהלט אָט וואָס: אָט דאָס
אַלטע קאַמערמיידעל האָט באַמערקט, אַז איהר באַלעבאָסטע פֿאַר־
מאָגט אַ וואונדער־עליקסיר, וועלכע גיט צוריק די יוגענד. און ווען
די דאַמע איז ניט געווען אין דער היים, האָט זי פֿון דעם טואַלעט

אַרויסגענומען דאָס פּלעשעלע מיט יענעם עליקסיר; אַנשטאָט אָבער צו נעמען בלויז עטליכע טראָפּענס, האָט זי דערלאַנגט אַ גרויסען זופּ, אַז זי איז דורך דער גאָר גרויסער קראַפט פון דעם וואונדער טרונק, ניט נאָר געוואָרען ווידער יונג, נאָר זי איז זאָ־גאָר געוואָרען אַ גאַנץ קליין קינד. ווירקליך, פּונקט דאָסזעלביגע האָט פּאַסירט מיט אונזער פּאַרטרעפליכען הער טיעק, איינעם פון די בעסטע דיכטער פון דער שולע ; ער האָט אין זיך אריינגעזאָפּט אַזוי פיעל פון די פּאָלקסביכער און געדיכטען פון מיטעלאַלטער, אַז ער איז כמעט געוואָרען ווי אַ קינד, און האָט אראָפּגעבליהט צו יענער פּלאַפּלענדיגער איינפאַכקייט, וועלכע פרוי פאָן סטאַהל האָט זיך אַזוי מטריח געווען צו באַוואונדערן. זי גיט אליין צו, אַז עס איז איהר פאַרגעקומען קוריאָז ווען אַ פאַרשוין טרעט אויף אין אַ דראַמאַ מיט אַ מאָנאָלאָג, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „איך בין דער בראַווער באָניפאַציוס און איך קום אייך צו זאָגען. אַ. אז. וו.

הער לודוויג טיעק האָט דורך זיין ראָמאַן : „שטערנבאַלדס וואַנדערונגען” און דורך דער פון איהם אַרויסגעגעבענע און פון אַ געוויסען וואַקענראָדער געשריבענע : „הארץ־געשעהעענישען פון אַ קונסט ליעבענדען קלויסטער־ברודער”, אויך פאַר די בילדענדע קינסטלער פאַרגעשטעלט די נאַיווע רויהע אָנפאַנגען פון דער קונסט אלס מוסטער. די פרומקייט און די קינדערשקייט פון די דאָזיגע ווערק, וועלכע ווייזט זיך אויך אַרויס אין זייער טעכנישער אומ־באַהאָלפענקייט, האָט מען דאָס געהייסען נאָכמאַכען. פון ראַפאַעל האָט מען מעהר ניט געוואָלט וויסען. קוים, קוים וואָס מען האָט געהאַלטען פון זיין לעהרער פּערוגינאָ, און אודאי האָט מען איהם געהאַלטען פאַר פיעל גרעסער. וואָרים אין איהם האָט מען נאָך גע־פונען די איבערבלייבענישען פון יענע פאַרטרעפליכקייטען, וועל־כע זענען געווען אין אַזאַ שטאַרקער מאָס אין די אונשטערבליכע מייסטערווערק פון פראַ דזשיאוואַנאַ אַנגעליקאַ דאַ פיעזאָלע, וועלכע מען האָט אַזוי שטאַרק באַוואונדערט. וויל מען זיך מאַכען אַ באַ־גריעף וועגען דעם געשמאַק פון די דעמאָלסדיגע קונסט־ענטוזיאַס־טען, מוז מען אריינגעהן אין לואַווער, וואו עס הענגען נאָך די

בעסטע בילדער פון יענע מייסטער, וועלכע מען האט דעמאלט אזוי שטארק פארעהרט; און וויל מען זיך מאכען א באגריעף פון די גרויסע הויפען־פאעטען, וועלכע האבען דעמאלט נאכגעמאכט אין אלערליי מינים פערזען די דיכטונגען פון מיטעלאלטער, אזוי מוז מען אריינגעהן אין דעם משוגעים הויז פון שארענטאן.

אבער איך גלויב, אז יענע בילדער אין דעם ערשטען זאל פון לואוור זענען נאך אלץ צו גראציעז, אזוי אז מען זאל דורך זיי קענען קריגען א באגריעף פון דעם דעמאלסטיגען קונסט־געשמאק. מען מוז זיך נאך דערצו פארשטעלען א סך אלט־איטאליענישע בילדער איבערזעצט אין אלט־דייטש. ווארים מען האט די ווערק פון די אלט־דייטשע מאלער געהאלטען פאר נאך פיעל איינפאכער און קינדערשער, און דערפאר, איז זיי גיכער ווערט נאכצומאכען ווי די אלט איטאליענישע. ווארים, געהייסען האט עס, אז די דייטשען זענען דאך פעהיג מיט זייער געמיט (א ווארט, פאר וועלכען די פראנצויזישע שפראך האט ניט קיין אויסדרוק) דאס קריסטענטום אויפצופאסען טיעפער ווי אנדערע נאציאנען. און פריעדריך שלעגעל און זיין פריינד הער יאזעף געררעס האבען זיך ארומגעוואלגערט אין די אלטע שטעדט ביים רהיין און האבען געזוכט די איבערבלייבענישען פון אלט־דייטשע בילדער און סקולפטורען, וועלכע מען האט בלינד־גלויביג פארעהרט ווי היילינע רעליקוויען.

איך האב אויבען פארגליכען דעם דייטשען פארנאס פון יענער צייט מיט שארענטאן. איך גלויב אבער, אז אויך דא האב איך געזאגט צו ווייניג. א פראנצויזישער שגעון איז נאך ווייט ניט אזוי משוגע ווי א דייטשער; ווארים אין שגעון איז — ווי פאלאניוס וואלט דאס געזאגט — פאראן מעטאדע. יענעם דייטשען שגעון האט מען געטריבען מיט א פעדאנטעריי, וואס האט צו זיך ניט קיין גלייכען, מיט א שרעקליכער געוויסענהאפטיקייט, און מיט א גרינדליכקייט, פון וועלכער אן אויבערפלעכליכער פראנצויזישער נאר קען זיך קיין באגריף ניט מאכען.

דער פאליטישער צושטאנד פון דייטשלאנד איז נאך באזונדערס גינסטיג געווען פאר דער קריסטליך אלט־דייטשער ריכטונג. די נויט לערענט אוים בעטען, זאגט דאס שפריכווארט. און ווירק־

ליך, קיינמאל איז די נויט אין דייטשלאנד ניט גרעסער געווען ווי דעמאלט, און דערפאר איז דאס פאלק קיינמאל ניט געווען אזוי גענייגט צום בעטען, צו דער רעליגיאן, צום קריסטענטום ווי דעמאלט. קיין פאלק איז ניט אזוי אונטערטעניג אונטער זיינע פירשטען ווי דאס דייטשע. און ווען דאס לאנד איז דורך דעם קריעג און דורך דער פרעמדען־הערשאפט געקומען צו א טרויעריגען צושטאנד, האט דעם פאלק מעהר געארט דאס בילד ווען זיי האבען געזעהן זייער פירשטען קריכען צו נאפאלעאנס פיס, ווי דאס וואס דאס לאנד איז פארארימט. דאס גאנצע פאלק איז געווען געגליכען צו יענע הארציג־געטרייע דיענער אין די גרויסע הייזער, וואס פיהלען נאך טיפער די ערנידערונג פון זייערע הערשאפטען, ווי די הערשאפטען גופא, און וועלכע וויינען באהאלטענערהייט מיט די ביטערסטע טרעהרען, ווען א טייל פון זייערע באלעבאטימס זילבערווארג מוז פארקויפט ווערען, און וועלכע פארוועדען זייער אייגענע ביסעל אפגעשפארט ארימקייט דארויף, אז ביי דעם טיש זאלען ניט שטעהן קיין בירגערליכע חלב־ליכט, אנשטאט די אדעליגע וואקסענע ליכט, ווי מיר ווערען גערירט, זעהענדיג דאס אין די אלטע מעאטער שטיקער. די אלגעמיינע דערשלאגענקייט האט געפונען א טרייסט אין דער רעליגיאן. און עס איז ענטשטאנען א פיעטעטישע אונטערטעניקייט אונטער גאט'ס ווילען, פון וועמען אליין מען האט ערווארט די הילף. און אין דער אמת'ן אקעגען נאפאלעאן האט קיין אנדערער גאר ניט געקענט העלפען, סאידען דער ליעבער גאט אליין. אויף די וועלטליכע חילות האט מען זיך מעהר ניט געקענט פארלאזען. און מען האט געמוזט פארטרויאונגספול ווענדען די אויגען צום הימעל.

מיר וואלטען אויך אפילו נאפאלעאנע'ן געקענט גאנץ רוהיג פארטראגען. אבער אונזערע פירשטען, אין דער צייט, וואס זיי האבען געהאפט דורך גאט פון איהם באפרייט צו ווערען, האבען זיי אויך אין דערזעלבינער צייט געלאזט וויסען, אז די צונויפגעזאמעלטע כחות פון זייערע פעלקער קענען דערביי א סך צוהעלפען. אין דער הינזיכט האט מען געזוכט צו דערוועקען דעם אלגעמיינעם פאטריאטיזם צווישען די דייטשען. און אפילו די אלערהעכסטע

פערזאָנען האָבען איצטער גערעדט װעגען דער דײטשער פאָלקס־טימליכקײט, פון דעם בשותפות'דיגען דײטשען פאָטערלאַנד, פון דער פאַראײניגונג פון די קריסטליך־גערמאַנישע שבטים, פון דײטשלאַנדס אײנהײט. מען האָט אונז באַפוילען צו זײן פּאַטריאָטען, און מיר זענען געװאָרען פּאַטריאָטען; װאָרים מיר טוען אַלץ, װאָס אונזערע פירשטען באַפעהלען אונז.

מען דאַרף זיך אָבער אונטער דעם דאָזיגען פּאַטריאָטיזם ניט פאַרשטעלען דאָס, װאָס טראָגט דאָ אין פראַנקרײך דעמזעלביגען נאָמען. דער פּאַטריאָטיזם פון די פראַנצױזען באַשטעהט אין דעם, װאָס זײער האַרץ װערט דערװאַרעמט, און דורך דער דאָזיגער װאַרעמקײט װערט עס ברײטער, אַזױ אַז זי נעהמט אַרײן אין זיך ניט נאָר די נאָהענטסטע אײגענע נאָר גאַנץ פראַנקרײך, דאָס גאַנצע לאַנד פון דער ציװיליזאַציאָן מיט איהר ליעבע. דער פּאַטריאָטיזם פון די דײטשען באַשטעהט פאַרקעהרט אין דעם, װאָס דאָס האַרץ װערט ענגער, װאָס עס ציהט זיך צוזאַמען, פונקט אַזױ װי לעדער אין דער קעלט; װאָס עס האַסט אַלץ װעלכעס איז פון אַ פרעמדען לאַנד, אין דעם װאָס ער װיל מעהר ניט זײן קײן װעלט־בירגער, קײן אײראָפּעער, נאָר אַן ענגער דײטש. דאָ זעהען מיר די אידעאַלע טעמפּקײט, װאָס דער העררי יאַהן האָט געבראַכט צו אַ שטה. עס האָט זיך אָנגעהױבען די קרעציגע, אומבאהאָלפענע ניטגעװאַשענע אָפּאָזיציאָן געגען אַ געזינונג, װאָס איז דאָס הײליגסטע און העררליכסטע, װאָס דײטשלאַנד האָט אַרױסגעבראַכט. נעמליך אַקעגען יענע הומאַניטעט, אַקעגען יענעם קאָסמאָפּאָליטיזם, װעלכען עס האָבען געפּרעדיגט אונזערע גרױסע גײסטער, לעסינג, הערדער, שילער, געטהע, זשאַן פּאָול און אַלע געבילדעטע מענשען אין דײטשלאַנד.

װאָס עס איז באַלד נאָכדעם פאָרגעקומען אין דײטשלאַנד, איז אײך אַלעמען צו גוט באַקאַנט. װען גאָט, דער פראָסט און די קאָזאַקען האָבען צושטערט נאַפּאָלעאָנ'ס בעסטע קרעפטען, האָבען מיר דײטשען באַקומען דעם אַלערהעכסטען באַפעהל, זיך צו באַפרײען פון דעם פרעמדען יאָך, און מיר האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ מענערישען צאָרן אַקעגען דער צו לאַנגער קנעכטשאַפט, און מיר

האָבען זיך באַגייסטערט דורך די גוטע מעלאָדיען און שלעכטע פערזען פון קערנער'ס ליעדער, און מיר האָבען זיך אויסגעקעמפט די פרייהייט; ווארים מיר האָבען געטאָן אַלץ וואָס אונזערע פירש־טען האָבען אונז באַפוילען.

אין דעם פעריאָד, ווען דער דאָזיגער קאַמף איז צוגעגרייט גע־וואָרען, האָט א שולע, וועלכע איז פיינדליך צו דעם פראַנצויזישען וועזען, און וועלכע לויבט אַלץ וואָס איז דייטש־פאָלקסטימליך אין קונסט ווי אין לעבען, געמוזט זיך צובליהען. די ראָמאַנטישע שולע איז דעמאָלט געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט דעם שטרעבען פון די רעגירונגען און פון די געהיימע געזעלשאַפטען. און הער א. וו. שלעגעל האָט קאָנספּירירט אַקעגען ראַסין אין דער זעלביגער צייט וואָס דער מיניסטער שטיין האָט קאָנספּירירט אַקעגען נאַ־פּאָלעאָן. די שולע איז געשוואומען מיט דעם שטראָם פון דער צייט. נעמליך מיט דעם שטראָם וואָס שטראָמט צוריק צו זיין קוואַל. ווען דער דייטשער פּאַטריאָטיזם און די דייטשע נאַציאָנאַ־ליטעט האָט ענדליך געזיעגט, האָט אויך דעפיניטיוו טריאומפירט די פאָלקסטימליך־גערמאַניש־קריסטליך־ראָמאַנטישע שולע, די נייר־דייטש־רעליגיעז־פּאַטריאָטישע קונסט. נאַפּאָלעאָן, דער גרויסער קלאַסיקער, וועלכער איז געוועזן אַזוי קלאַסיש ווי אַלעקסאַנדער און צעזאַר, איז געפאַלען צו דער ערד און די הערן אויגוסט וויל־העלם און פריעדריך שלעגעל, די קליינע ראָמאַנטיקער, וועלכע זענען פונקט אַזוי ראָמאַנטיש ווי דאָס „דיימכען" און דער „גע־שטיפעלטער קאָטער", זיי האָבען זיך אויפגעהויבען אַלס זיעגער.

אָבער אויך דאָ איז ניט אויסענגעבליבען יענע רעאַקציאָן, וואָס קומט אַלעמאַל נאָך יעדער איבערבייטונג. פונקט אַזוי ווי דאָס ספּיריטואַליסטישע קריסטענטום איז געוועזן א רעאַקציאָן אַקעגען דער ברוטאַלער הערשאַפט פון דעם אימפּעריאַל־רוימישען מאַטע־ריאַליזם; פונקט אַזוי ווי די באַנייטע ליעבע צו דער הייטערער גריכישער קונסט און וויסענשאַפט דאַרף באַטראַכט ווערען אַלס א רעאַקציאָן אַקעגען דעם קריסטליכען ספּיריטואַליזם וועלכער, איז דעגענערירט געוואָרען כמעט ביז צו טעמפּע אַפּטויטונג; פונקט אַזוי ווי די ווידעראויפוועקונג פון דער מיטעלאַלטערליכער ראָמאַנטיק

קען גילטען פאר א רעאקציאן אקעגען די ניכטערע נאכמאכעריי פון דער אנטיקער, קלאסישער קונסט; פונקט אזוי זעהען מיר איצטער אויך א רעאקציאן אקעגען דער ווידער איינפיהרונג פון יענעם קאטויליש־פעאדאליסטישען ארט דענקען, אקעגען יענעם רימער־טום און גלחים׳טום, וואס ווערט געפערדיגט דורך בילד און ווארט און אונטער העכסט זאנדערבארע אומשטענדען. ווארים ווען די אלטע קינסטלער פון מיטעלאלטער האבען אזוי געלויבט און באוואונדערט זייערע העלדען, האט זיך דאס נאך געקענט ערקלעהרען דורך דעם, וואס די דאזיגע מענער האבען געגלויבט אין דער טעמא, וואס זיי האבען פארגעשטאעלט: זיי האבען אין זייער קונסטלאזער איינפאכקייט געקענט מעהר ארויסווייזען ווי די שפעטערע גלויבענ־לאזע מייסטערס, וועלכע האבען די טעכניק געבראכט א סך ווייטער, דער גלויבען האט אין זיי געוויזען וואונ־דער; — און אין דער אמת׳ן ווי אזוי קען מען אנדערש דער־קלעהרען די הערליכקייט פון א פרא אנדזשעליקא דא פיעזאלע, אדער דאס געדיכט פון דעם מאנאך אטפריעד.

די קינסטלער פון היינט, וועלכע האבען געמיינט ערענסט מיט דער קונסט, און וועלכע האבען געוואלט נאכמאכען די מיט נאט פולע קרומקייט פון יענע וואונדערליכע מאלערייען, קורץ דאס אונדערקלערבארע מיסטישע פון די אלטע ווערק, אט די קינסט־לער האבען באשלאסען צו וואנדערן צו דערזעלביגער היפאקרענע, וואו די אלטע מייסטער האבען אויך געשעפט זייער וואונדערבארע באגייסטערונג; זיי האבען עולה רגל געוועזען קיין רוים, וואו קרים־טוסעם שטאאטסהאלטער האט ווידער געזאלט שטארקען די שווינד־זיכטיגע דייטשע קונסט מיט דער מילך פון אן עזעלין; מיט איין ווארט: זיי האבען זיך איבערגעגעבען אין דער שוים פון דער־אליינזעליג מאכענדיגער רוימיש־קאטויליש־אפאסטאלישער קירך. א סך פון די אנהענגער פון דער ראמאנטישער שולע האבען גאר נים באדארפט קיין פארמעלען איבערגאנג. ווארים זיי זענען גע־ווען קאטויליקען פון געבורט. אזוי למשל הער גערעס און הער קלע־מענס ברענטאנא, זיי האבען זיך נאר געדארפט אפזאגען פון זייערע ביז איצטיגע פרייגייסטיגע אנזיכטען.

אַנדערע אָבער זענען געבוירענע און אויפגעצויגענע געוואָרען אין דער שויס פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירך. אַזוי למשל פריעדריך שלעגעל, הער לודוויג טיעק, נאָוואַליס, ווערנער, שיץ, קאַראָווע, אַדאַם מילער א. אַ. וו. און זייער איבערגאַנג צום קאַטויליציזם האָט שוין באַדאַרפט אַן עפּענטליכען אַקט. איך האָב נאָר דערמאָנט שריפטשטעלער; די צאָהל פון די מאָלער, וואָס האָבען מחנות'ווייז פון זיך אַראָפּגעוואָרפען דעם עוואַנגעלישען גלויבען און די פאַרנונפט, איז געווען נאָך גרעסער.

ווען מען האָט זיך איצטער אַרומגעקוקט און געזעהן ווי די דאָזיגע יונגע לייט האָבען געבויגען די קעפּ פאַר דער רוימיש-קאַטוילישער קירך און האָבען זיך צוריק אַריינגעשטופּט אין אַלטען גייסטיגען קערקער, פון וועלכען זייערע טאַטעס האָבען זיך מיט אַזוי פיל קראַפט באַפרייט, האָט מען אין דייטשלאַנד זעהר באַדענקליך גענומען שאָקלען מיט די קעפּ. ווען מען האָט אָבער אויסגעפונען, אַז אין דעם שפּיעל האָבען אַ האַנד די גלחים און יונקערס, וועלכע האָבען זיך פאַרמאָסטען אויף דער רעליגיעזער און פּאָליטישער פרייהייט פון אייראָפּאַ, אַז אייגענטליך איז דאָס געווען דער יעזואיטיזם, וועלכער האָט געוואָוסט מיט די זיסע טענער פון דער ראָמאַנטיק אַזוי פאַרדערבליך צו פאַרפיהרען די דייטשע יוגענד, ווי דער לעגענדאַרישער ראַטענפאַנגער האָט פאַרצייטענס פאַרפיהרט די קינדער פון האַמעלן, איז געוואָרען אַ גרויס גערודער און עס האָט זיך צופלאַקערט דער צאָרן ביי די פריינד פון דעם פרייען-גייסט און פון פּראָטעסטאַנטיזם אין דייטשלאַנד.

איך האָב צוזאַמענגעמישט פרייהייט פון גייסט און פּראָטעסטאַנטיזם; איך האָף אָבער, אַז מען וועט מיך ניט באַשולדיגען אין פּאַרטייליכקייט, הגם איך ווער אין דייטשלאַנד צוגערעכענט צו דער פּראָטעסטאַנטישער קירך. וויכקליך, איך האָב אָהן יעדער פּאַרטייליכקייט צוזאַמענגעמישט פרייהייט פון גייסט מיט פּראָטעסטאַנטיזם. און אין דער אמת'ן איז פאַראַן אין דייטשלאַנד אַ פריינדליך פאַרהעלטעניש צווישען די ביידע. אַלענפאַלס זענען זיי ביידע פאַרוואַנדט, און דאָס, ווי אַ מאַמע מיט איהר טאָכטער. ווען מען וואַרפט אפילו פאַר דער פּראָטעסטאַנטישער קירך

עטליכע פאטאלע ענגזיניקייטען, מוז מען דאך צוגעבען איהר אונשטערבליכען רוהם. ווארים דורך דעם, וואס דורך דעם פראָ־טעסטאנטיזם איז ערלויבט געווארען די פרייע פארשונג אין דער קריסטליכער רעליגיאן, האט די פרייע פארשונג בכלל זיך איינ־געווארצעלט אין דייטשלאנד, און די וויסענשאפטען האבען זיך געקענט זעלבסטשטענדיג ענטוויקלען. די דייטשע פילאזאפיע, הגם זי שטעלט זיך איצטער לעבען דער פראטעסטאנטישער קירך, יא, נאך מעהר, וויל זיך דערהויבען איבער איהר, איז זי דאך אלץ נאר איהר טאכטער:

אלס אזא איז זי מחויב זיך צו באנעמען לגבי איהר מוטער, מיט א שוינענדיגער פיעטעט, און די קרובה'שע אינטערעסען פאר־לאנגען עס, אז זיי זאלען זיך פארבינדען, ווען זיי סטראשעט די געפאהר פון דעם בשותפות'דיגען שונא, דעם יעזואיטיזם. אלע פריינד פון דער געדאנקענפרייהייט און פון דער פראטעסטאנטישער קירך, סקעפטיקער אזוי גוט ווי ארטאדאקסען, האבען זיך גלייב־צייטיג אויפגעהויבען אקעגען די רעסטאוראטארען פון דעם קא־טוליציזם. און ווי דאס פארשטעהט זיך שוין פון זיך אליין, די ליבעראלען וועלכע זענען ניט געווען באזארגט ניט פאר די אינ־טערעסען פון דער פילאזאפיע אדער פון דער פראטעסטאנטישער קירך, נאר פאר די אינטערעסען פון דער בירגערליכער פרייהייט, האבען אויך צוגעטראטען צו דער דאזיגער אפאזיציאן. אבער אין דייטשלאנד זענען ביז איצט די ליבעראלען אלע מאל גלייבצייטיג אויך געווען שולפילאזאפען און טהעאלאגען, און עס איז אלעמאל געווען דיזעלביגע אידעע פון פרייהייט, פאר וועלכע זיי האבען געקעמפט. האט זי געמעגט באהאנדלען א פאליטיש, פילאזאפיש אדער טהעאלאגיש טעמא. דאס צייגט זיך ארוים צום קלארסטען אין דעם לעבען פון דעם מאן, וועלכער האט זיך גענומען באקעמפען די ראמאנטישע שולע אין דייטשלאנד גלייך ביי איהר ענטשטע־הונג, און וועלכער האט איצטער צום מייסטען בייגעטראגען דערצו די דאזיגע שולע צוצושמעטערן. דאס איז יאהאן היינריך פאס.

אט דער מאן איז אין פראנקרייך ניט באקאנט. און דאך זענען ניטא קיין סך, וועמען דאס דייטשע פאלק האט מעהר צו פאר־

ראַנקען אין דער הינזיכט פון איהר גייסטיגער בילדונג, ווי טאַקי איהם. נאָך לעסינגען איז ער אפשר דער גרעסטער בירגער אין דער דייטשער ליטעראַטור. אויף יעדען פאַל איז ער געווען א גרויסער מענש, און ער פאַרדיענט, אז איך זאָל ווענען איהם רעדען מעהר באַריכות.

די ביאָגראַפיע פון דעם מאַן איז כמעט דיזעלביגע ווי די ביאָגראַפיע פון אַלע דייטשע שריפטשטעלער פון דער אַלטער שולע. ער איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1751, אין דעם קרייז פון מעקלענבורג ביי אָרימע עלטערן. האָט שטודירט טהעאָלאָגיע, פאַרנאַכלעסיגט זיין שטודיום, און ווען ער האָט זיך באַקענט מיט דער פּאָעזיע פון די גריכען, האָט ער זיך ערענסט באַשעפטיגט מיטביידע. האָט געגעבען לעקציעס כדי ניט צו שטאַרבען פון הונגער, איז געוואָרען א שול־לעהרער און אָטענדאָרף, אין דער פּראָווינץ האַדעלן, האָט איבערזעצט די אַלטע קלאַסיקער און געלעבט אָרים, איינפאַך און אַרבייטענדיג ביז צו זיין פינף און זיעבעציגסטען יאָהר. ער האָט געהאַט א גוטען נאָמען צווישען די דיכטער פון דער אַלטער שולע; אָבער די נייע ראָמאַנטישע פּאָעטען האָבען כסדר גע־האַלטען אין איין אויסצופּען זיין לאָרבערקראַנץ, און האָבען חוזק געמאַכט פון דעם אַלטמאָדישען, עהרליכען פאָס, וועלכער האָט באַזונגען אין א האַרציג געטרייער, טיילמאָל זאָגאָר אין דער פּלאַט־דייטשער שפּראַך דאָס קליינבירגערליכע לעבען ביי די ברעגען פון דער אונטערער עלבע, וועלכער האָט ניט אויסגעקליבען פאַר די העלדען פון זיינע דיכטונגען די מיטעלאַלטערליכע ריטער און מאַדאָנען, נאָר א פּשוט'ען פּראָטעסטאַנטישען גלח מיט זיין טוגענד־האַפטער פאַמיליע, און וועלכער איז געווען אזוי געזונד, בירגערליך און נאַטירליך, אין דער צייט וואָס זיי, די נייע טרובאַדורען, זענען געווען אזוי נאַכטוואַנדלעריש־קרענקליך, אזוי ריטערליך־פאַרנעהם, און אזוי געניאַל אומנאַטירליך. פריעדריך שלעגעל, דער פאַר'שכור'־טער באַזינגער פון דער אונמאָראַליש ראָמאַנטישער לוצינדע, ווי פאַטאַל האָט פאַר איהם געמוזט זיין אָט דער ניכטערער פאָס מיט זיין „צנועה'דיגער לואיזע" און מיט זיין „אַלטען עהרווירדיגען גלח פון גרינאַו!" הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל, וועלכער האָט

מיט דער אויסגעלאסענקייט און מיט דעם קאטוילציזם קיינמאל ניט געמיינט אזוי עהרליך ווי זיין ברודער, ער האט שוין מיט דעם אלטען פאס געקענט א סך גיכער הארמאנירען. און עס איז צווישען די צוויי געווען נאר א מין איבערזעצער־קאנקורענץ, וועלכע האט איבעריגענס דער דייטשער שפראך געבראכט א סך נוצען. פאס האט נאך פאר דער ענטשטעהונג פון דער נייער שולע שוין געהאט איבערזעצט האמער'ן. איצטער האט ער מיט אן אויסערגעוועהנליכע התמדה איבערזעצט אויך די איבעריגע היידנישע דיכטער פון דעם אלטערטום, אין דער צייט וואס הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האט איבערזעצט קריסטליכע דיכטער פון דער ראמאנטיש־קאטוילישער צייט.ביידע ארבייטען זענען באשטימט געווארען דורך א באהאלטענער פאלעמישער אבזיכט: פאס האט דורך זיינע איבערזעצונגען געוואלט אריינברענגען די קלאסישע פאעזיע און דעם קלאסישען ארט דענקען; אין דער צייט וואס הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האט געוואלט דורך גוטע איבערזעצונגען צוגענגליך מאכען פאר דעם פובליקום די קריסטליך־ראמאנטישע דיכטער. יא, נאך מעהר, דער אנטאגאניזם האט זיך אפילו ארויסגעוויזען אין די שפראכפארמען פון ביידע איבערזעצער. אין דער צייט וואס דער הער שלעגעל האט אויסגעגלעט זיינע ווערטער אלץ זיסליכער און ציערליכער, איז פאס געווארען אלץ הארבער און רויהער. זיינע שפעטערע איבערזעצונגען זענען דורך די אריינגעפיילטע רויקייטען כמעט ניט אין מויל צו נעמען. און עס איז געקומען אזוי ווייט, אז אין דער צייט וואס אויף דעם בלאנק־פאלירטען, גלימשיגען מאהאגאני־פארקעט פון די שלעגעלשע פערזען איז זעהר לייכט זיך אויסצוגליטשען, קען מען אבער פונקט אזוי לייכט געשטרויכעלט ווערען און אומפאלען איבער די פערזיפיצירטע מארמאר־שטיינער פון דעם אלטען פאס. ענדליך אוים קאנקורענץ האט דער לעצטער אויך געוואלט איבערזעצען שעקספיער'ן, וועמען דער הער שלעגעל האט אין זיין ערשטען פעריאד אזוי אויסגעצייכענט איבערזעצט אויף דייטש.

אבער דאס איז דעם אלטען פאס אויסגעפאלען זעהר שלעכט, און נאך ערגער זיין פארלעגער: ד י איבערזעצונג איז איהם

אבסאָלוט גאָר ניט געלונגען. דאָרט וואו הער שלעגעל האָט אפשר איבערזעצט צו ווייך, דאָרט וואו זיינע פערזען זענען טיילמאָל ווי אויסגעשלאָגענע סמעטענע, ביי וועלכע מען ווייס ניט, ווי אזוי מען זאָל זי צום מויל נעמען, צי זאָל מען זי עסען, אָדער טרינקען, — דאָרטען איז פאָס הארט ווי א שטיין, און מען דאַרף מורא האָבען מען זאָל זיך ניט אויסברעכען די ציינער, ווען מען רעדט ארויס זיינע פערזען. אבער וואָס עס האָט דעם אלטען פאָס יאָ געוואלטיג אויסגעצייכענט, דאָס איז די קראַפט מיט וועלכער ער האָט גע־קעמפט אקעגען אלע שווערקייטען; און ער האָט געקעמפט ניט בלויז מיט דער דייטשער שפראַך, נאָר אויך מיט יענער יעזואי־טיש־אריסטאָקראטישער אויסטערלישער בריאה, וואָס האָט דע־מאָלט ארויסגעשטעקט איהר מיאוס'ען קאָפּ פון דער וואַלד־פינס־טערניש פון דער דייטשער ליטעראַטור; און פאָס האָט איהם דער־לאַנגט א היבשען קלאַפּ.

הער וואָלפגאַנג מענצעל, א דייטשער שריפטשטעלער, וועל־כער איז באַקאַנט אלס פאָס' ביטערסטער געגנער, רופט איהם אַז א נידערזאַקסישען פויער. טראָץ דעם, וואָס די כונה איז דאָ גע־מיינט געווען צום שלעכטען, איז דאָך דער דאָזיגער צונאָמען א זעהר פאַסיגער. וואָרים אין דער אמת'ן איז פאָס ווירקליך א נידער־זאַקסישער פויער, פונקט אזוי ווי לוטהער איז עס געווען; איהם האָט געפעהלט יעדע קאָוועלערישקייט, יעדע העפליכקייט, און יעדע גראַציעזיטעט; ער געהערט אין גאַנצען צו יענעם רויה־קרעפטי־גען, שטאַרק־מענערשען פאָלקס־שטאַם צו וועלכען דאָס קריסטענ־טום האָט געמוזט געפּרעדיגט ווערען מיט פייער און שווערד, וועל־כער האָט זיך אונטערגעוואָרפען אונטער דעם קריסטענטום ערשט נאָך דריי פאַרלוירענע מלחמות, און ערשט נאָכדעם האָט ער אין זיינע זיטען און מנהגים באַהאַלטען א סך פון דער צפון־הײדנישער הארטקייט, און אין זיינע מאַטעריעלע ווי אין די גייסטיגע קאמ־פען, ווייזט ער זיך ארויס אזוי מוטיג און הארטנעקיג ווי זיינע אלטע געטער. יאָ, ווען איך באַטראַכט יאָהאַן היינריך פאָס אין זיין פּאָלעמיק און אין זיין גאַנצען וועזען, דאַכט זיך מיר, אז איך זעה אין איהם דעם אלטען איינאָוויגיגען אָדין אליין, וועלכער האָט פאַר־

לאזען זיין אזענבורג, כדי צו ווערען א שול־לעהרער אין אטענ־
דארף, וואס אין לאנד האדעלן, און ער לערנט דארט מיט די
בלאנדע האלשטיינער די לאטיינישע דעקלינאציאנען און דעם
קריסטליכען קאטעכיזם, און ער איבערזעצט דארט אין דער פרייער
צייט די גריכישע דיכטער אויף דייטש, און ער אנטלייהט פון דעם
גאט טהאר דעם האמער, כדי מיט איהם אויסצוקלאפען זיינע
פערזען. און ענדליך, ווען איהם ווערט נמאס אט די גאנצע מעשה,
דערלאנגט ער מיט דעם האמער איבער דעם קאפ פון דעם ארימען
פריץ שטאלבערג.

דאס איז געווען א באריהמטע געשיכטע. פריעדריך גראף פאן
שטאלבערג איז געווען א דיכטער פון דער אלטער שולע, און אוי־
סערגעוועהנליך באריהמט אין דייטשלאנד, אפשר מינדער דורך
זיין פאעטישען טאלענט ווי דורך זיין גראפענטיטול, וועלכער
האט דעמאלט אין דער דייטשער ליטעראטור געגאלטען פיעל מעהר
ווי איצטער. אבער פריץ שטאלבערג איז געווען א ליבעראלער מאן
מיט אן עדעל הארץ, און ער איז געווען א פריינד פון יענע ביר־
גערליכע יונגע לייט, וועלכע האבען אין געטינגען געגרינדעט א
פאעטישע שולע. איך וואלט געראטען די פראנצויזישע ליטערא־
טען צו לייענען די פארעדע צו די געדיכטען פון העלטי, אין וועל־
כער יאהאן היינריך פאס שילדערט דאס אידילישע צוזאמענלעבען
פון דעם דיכטער־בונד, צו וועלכע עס האבען אויך באלאנגט ער און
פריץ שטאלבערג. אט די צוויי זענען ענדליך איבערגעבליבען די
איינציגע פון יענער יוגענדליכער דיכטער מחנה. ווען פריץ שטאל־
בערג איז איצטער אזוי פייערליך איבערגעגאנגען צו דער קאטוילישער
קירך, און זיך אפגעזאגט פון דער פארנונפט און דער פרייהייטס־
ליעבע, און איז געווארען אן אנהענגער פון דעם אבסקוראנטיזם,
און האט דורך זיין אריסטאקראטישען ביישפיעל צוגעצויגען א סך
שוועכלינגען, איז יאהאן היינריך פאס, דער אלטער זיעבעציג־יעה־
ריגער מאן עפענטליך ארויסגעטראטען אקעגען זיין יוגענד־פריינד
און האט אנגעשריבען דאס ביכעל: „ווי אזוי איז פריץ שטאל־
בערג געווארען א ניט פרייער?" אין דעם דאזיגען ביכעל האט
ער אנאליזירט שטאלבערגס גאנצע לעבען, און האט אנגעוויזען,

ווי אזוי די אריסטאַקראטישע נאַטור איז אַלעמאָל געלעגען א פארבאַרגענע אין דעם פארברידערטען גראַף; ווי אזוי זי איז נאָך די געשעהענישען פון דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן ארויסגעטראַטען אַלץ קלאָהרער און קלאָהרער; ווי אזוי שטאָלבערג האָט זיך בסוד אַנגעשלאָסען אין דער אזוי גערופענער קייט פון אדעליגע, וועלכע האָט געזאָלט אקעגענווירקען די פראנצויזישע פרייהייטס פרינציפען! ווי אַט די אדעליגע האָבען זיך פארבונדען מיט די יעזואיטען, ווי מען האָט געגלויבט, אז דורך דעם צוריקאויפשטעלען פון קאַטויליציזם, וועט מען אויך אונטערשטיצען די אינטערעסען פון די אדעליגע; און ווי מען האָט בכלל געארבייט מעשים צוריק איינצופיהרען דאָס קריסטליך־קאַטוילישע פעאָדאָליסטישע מיטעאלטער און צו פארניכטען די פראָטעסטאַנטישע פרייהייט פון געדאַנק און דאָס פאָליטישע בירגערטום. די דייטשע דעמאָרקאטיע און די דייטשע אריסטאָקראטיע, וועלכע זענען פאר די רעוואָלוציאָנס־צייטען, ווען איינע האָט נאָך גאר ניט געהאָפט און די צווייטע האָט נאָך פאר קיין זאך ניט מורא געהאט, געוועז אזוי יוגענדליך פארברידערט, אַט די צוויי זענען זיך איצטער אלס זקנים געשטאַנען איינער אקעגען דעם צווייטען ווי שונאים און האָבען געקעמפט אויף טויט און לעבען.

יענער טייל פון דעם דייטשען פובליקום, וועלכער האָט ניט פארשטאַנען די באדייטונג און שרעקליכע נויטווענדיקייט פון דעם דאָזיגען קאמף, האָבען פאראיבעל גענומען אויף דעם אָרימען פאָס, למאי האָט ער אזוי אונ׳רחמנות׳דיג אויפגעדעקט די היימישע פארהעלטענישען, יענע קליינע לעבענס־עראייגנישען, וועלכע האָבען אבער אין זייער צוזאמענהאנג אויסגעמאכט א באוויזענדיג גאַנצעס. און דעמאָלט האָבען זיך אויך געפונען אזעלכענע אזוי גערופענע אריסטאָקראטישע נשמות, וועלכע האָבען מיט ערהאבענקייט געשריען וועגען דער ענגהערציגער קלייניקייטס־קרעמעריי, און האָבען באשולדיגט פאָס׳ן, אז ער זוכט פלאָטקעס. אנדערע, פילִיסטער, וועלכע האָבען מורא געהאט, טאָמער וועט מען פון זייער אייגענער מיזערע אויך אוועקרוקען דעם פאָרהאנג, אַט די חברה לייט האָבען זיך שטארק געקאָכט, למאי מען האָט פארלעצט

דעם ליטעראַרישען מנהג, לויט וועלכען אַלע פּערזענליכקייטען, אַלע אויפדעקונגען פון פּריוואַטען לעבען זענען שטרענג פאַרבאָטען. ווען פּריץ פאַן שטאַלבערג איז געשטאָרבען אין יענער צייט, און מען האָט נאָך נאָך זיין טויט אַרויסגעגעבען דאָס „ליעבע ביכעלע", אין וועלכען שטאַלבערג דריקט זיך אויס וועגען זיין אַרימען פאַרבלענדטען פריינד מיט אַ פרומען קריסטליכען, פאַרצייהענדען, עכט־יעזואיטישען טאָן, דעמאָלט האָבען זיך געגאָסען די טרעהרען פון דעם דייטשען רחמנות, דעמאָלט האָט דער דייטשער מיכעל געוויינט מיט זיינע דיקסטע טראָפּענס, און עס האָט זיך צונויפגעזאַמעלט אַ סך וויכהאַרציגער כעס אַקעגען דעם אַרימען פאָס. און די מייסטע באַליידיגונגען האָט ער געקראָגען גראַד פון די מענשען, פאַר וועמענס גייסטיגען און וועלטליכען גליק ער האָט געשטריטען.

אין דייטשלאַנד קען מען בכלל רעכענען אויף דעם מיטלייד און די טרעהרען פון דעם גרויסען המון, ווען מען ווערט אין אַ פּאָלעמיק שלעכט באַהאַנדעלט. די דייטשען זענען דעמאָלט נעגליכען צו יענע אַלטע ווייבער, וואָס וועלען קיינמאָל ניט פאַרפעהלען אַנוועזענד צו זיין ביי אַן עקזעקוציאָן, און כאָטש זיי האָבען זיך דאָ צונויפגעשטופּט אויס נייגעריקייט, וועלען זיי אָבער קיינמאָל ניט פאַרפעהלען צו קלאָגען אויף די ליידען פון דעם אַרימען זינדיגען, און זיי וועלען איהם זאָגאַר פאַרטיידיגען. די דאָזיגע קלאָג־ווייבער, וואָס קלאָגען אַזוי פיעל ביי אַ ליטעראַרישער עקזעקוציאָן, וואָלטען זיך אָבער זעהר שטאַרק געערגערט, ווען דער אַרימער שולדיגער, וועמען זיי האָבען נאָר וואָס ערוואַרט ער זאָל געשמיסען ווערען, זאָל פּלוצלינג באַגנאַדיגט ווערען, און זיי זאָלען מוזען געהן אַהיים, ניט האָבענדיג גאָר ניט געזעהן. זייער פאַרגרעסערטער צאָרן טרעפט דעמאָלט יענעם, וועלכער האָט זיי אָבגענאַרט אין זייער ערוואַרטונג.

און דאָך האָט די פאָס'ישע פּאָלעמיק שטאַרק געווירקט אויף דעם פּובליקום, און זי האָט אין דער עפענטליכער מיינונג שטאַרק צושטערט די גרויסע פאַרליעבע פאַר דעם מיטעלאַלטער. יענע פּאָלעמיק האָט אויפגערעגט דייטשלאַנד. אַ גרויסער טייל פון פּובלי־

סום האט זיך דערקלעהרט פאר פאס'ן, א גרעסערער טייל האט זיך דערקלעהרט פאר זיין זאך. עס האבען אנגעהויבען ארויסקומען שריפטען און געגענשריפטען, און די לעצטע לעבענס־טעג פון דעם אלטען מאן זענען דורך דער דאזיגער פאלעמיק ניט ווייניג פארבי־טערט געווארען.

ער האט געהאט צו טאן מיט די ערגסטע געגנער, מיט די גלחים, וועלכע האבען איהם אנגעגריפען אויף אלערליי אופנים. ניט נאר די קריסטא־קאטוילקען, נאר אויך די פיעטיסטען, די קוויי־טיסטען, די ליטעראַרישע מיסטיקער, קורץ יענע אלע סופערנאטו־ראליסטישע סעקטען פון דער פראטעסטאנטישער קירך, וואס הגם צווישען זיך האבען זיי געפיהרט מחלוקות, איז אבער אקעגען יא־האן היינריך פאס, דעם ראציאנאליסט, האבען זיי זיך פאראייניגט מיט דעמזעלביגען גרויסען האס. מיט דעם נאמען ראציאנאליסט, האט מען אין דייטשלאנד באצייכענט יענע מענשען, וועלכע הא־בען דער פערנונפט געוואלט געבען איהרע רעכט אויך אין דער רעליגיאן, להיפך צו די סופערנאטוראליסטען, וועלכע האבען זיך אפגעזאגט פון יעדער פארנונפט, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דער רעליגיאן. די לעצטע זענען מיט זייער האס אקעגען די ארימע ראציאנאליסטען געגליכען צו די משוגעים אין משוגעים־הויז, וועלכע הגם צווישען זיך קענען זיי ניט פארטראגען איינער דעם צווייטענס משוגעת'ן, זענען זיי אבער אלע ווי איינער אנגע־פילט מיט דער צארניגסטער פארביטערונג אקעגען דעם מאן, וועל־כען זיי באטראכטען אלס זייער געמיינזאמען שונא, און דער מאן איז ניט קיין אנדערער ווי דער דאקטאר פון משוגעים הויז, וועל־כער וויל זיי צוריקברענגען צום שכל.

און איז געשעהן, אז די ראמאנטישע שולע איז אין דער עפענטליכער מיינונג צו גרונד געגאנגען, דורך דעם, וואס מען האט אויפגעדעקט דעם שייכות, וואס זי האט צו די קאטוילישע אינטרי־גען, האט זי אבער אין דערזעלביגער צייט באקומען נאך א גרע־סערן קלאפ אין איהר אייגענעם טעמפעל, און דאס גראד, דורך איינעם פון יענע געטער, וואס זי האט אליין דארטען אויפגע־שטעלט. איך מיין דאס וואלפגאנג געטהע, וועלכער האט אראפגע־

נידערט פון זיין פעדעסטאל, און ארויסגעטראגען דעם באשולדי־
גונגס־אקט אקעגען די הערן שלעגעל, דיזעלבינע כהנים גדולים, וועל־
כע האבען פאר איהם גערויכערט אזוי פיעל ווייהרויך. זיין שטים
האט מיט אמאל פארניכטעט דעם גאנצען כשוף; די געשפענסטער
פון מיטעלאלטער זענען זיך צולאפען; די סאוועס האבען זיך
צוריק באהאלטען אין די פינסטערע חורבות פון די אלטע שלעסער;
די ראבען זענען צוריק אוועקגעפלויגען צו די טורעמס פון די קיר־
כען; פריעדריך שלעגעל איז אוועק קיין וויען, וואו ער איז יעדען
טאג געגאנגען הערען די מעסע, און האט געגעסען געבראטענע
העהנדלעך; הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האט זיך צוריק גע־
צויגען אין דער פאגאדע פון בראהמא.

מען מוז זאגען אפען, אז געטהע האט דעמאלט געשפיעלט
א זעהר צווייידייטיגע ראל. און ליבען איהם דערפאר קען מען זי־
כער נים. עס איז טאקי אמת, אז די הערן שלעגעל האבען קיינ־
מאל נים געמיינט עהרליך מיט איהם; עס קען אפשר זיין, אז
נאר ווייל זיי האבען אין זייער פאלעמיק אקעגען דער אלטער שו־
לע דאך געמוזט אויפשטעלען פאר א מוסטער עפים א לעבעדיגען
דיכטער, און האבען נים געפונען קיין פאסענדערען ווי געטהע, און
אפשר אויך דערפאר ווייל זיי האבען ערווארט, אז ער זאל זיי געבען
א ליטערארישען פארצוג, דערפאר האבען זיי פאר איהם אויסגע־
בויט אן אלטאר און האבען איהם בארויכערט מיט ווייהרויך און
געלאזט דאס פאלק קניהען פאר איהם. א חוץ דעם איז ער געוועזן
אזא נאהענטער שכן זייערער. פון יענא ביז ווימאר ציהט זיך אן
אלעע פון שענע בוימער, אויף וועלכע עס וואקסען פלוימען, וואס
שמעקען זעהר גוט, ווען מען איז דורשטיג פון דער זומערדיגער
היץ; און אויף דעם דאזיגען וועג האבען די שלעגעלס זעהר אפט
געוואנדערט, און אין ווימאר האבען זיי געהאט עטליכע שמועסען
מיט דעם הער געהיימראט פאן געטהע, וועלכער איז אלעמאל גע־
ווען א גרויסער דיפלאמאט, און ער האט די שלעגעלס רוהיג צוגע־
הערט, געשמייכעלט מיט בייפאל, טיילמאל זיי געגעבען עסען,
און גלאט זיי אמאל געטאן א טובה א. אז. וו. זיי האבען זיך אויך
געפרואווט צושארען צו שילער'ן; איז אבער שילער געווען אן

עהרליכער מענש און האט פון זיי גאר ניט געוואלט וויסען. די קאָ־רעספאנדענץ צווישען איהם און געטהע, וועלכע איז פאר דריי יאהרען אפגעדרוקט געווארען, ווארפט א געוויסען ליכט אויף דעם פארהעלטניש פון אט די צוויי דיכטער צו די שלעגעלס. געטהע פטר'ט זיי אפ מיט אן אריסטאקראטישען שמייכעלע; שילער'ן פארקעהרט קרענקט זייער מאניא צו סקאנדאלען. ער קען ניט פאר־טראגען זייער מאניער דורך סקאנדאל צו ווארפען זיך אין די אויגען, און ער רופט זיי אן „נארישע בעל גאוות."

און טראָץ דעם, וואס געטהע האט אלעמאל געהאנדעלט אזוי אריסטאקראטיש, האט ער דאך די שלעגעלס א סך צו פארדאנקען פאר זיין גרויסען נאמען. זיי זענען דאס געווען די, וואס האבען געפיהרט דערצו, אז מען זאל שטודירען זיינע ווערק. דער פאר־אכטליכער באליידיגענדער אופן, מיט וועלכען ער האט זיך צום סוף אפגעשאקעלט פון אט די צוויי מענער, האט זעהר געשמעקט מיט אונדאנקבארקייט. אפשר האט דעם טיעף־זעהענדיגען געטהע פאר־דראסען, וואס די שלעגעלס ווילען זיך מיט איהם באנוצען נאר אלס א מיטעל פאר זייערע אייגענע צוועקען; אפשר האבען די דאזיגע צוועקען איהם, דעם מיניסטער פון א פראטעסטאנטישער מלוכה, נעסטראשעט צו קאמפראמעטירען; אפשר איז עס געווען דער אלט־היידנישער געטער צארן, וואס האט אויפגעוואכט אין איהם, ווען ער האט געזעהן, ווי מען טרייבט דא קאטוילישע שטיק; — ווארים פונקט אזוי ווי פאס איז געווען עהנליך צו דעם איינ־אויגיגען אדין, אזוי איז געטהע געווען עהנליך צו יופיטער, סאי אין דעם ארט דענקען און סאי אין אויסזעהן. אודאי האט יענער גע־מוזט דערלאנגען מיט טהאר'ס האמער, ער אבער האט נאר בא־דארפט א שאקעל טאן זיין קאפ מיט די אמבראזישע לאקען, אז די שלעגעלס זאלען אויפצטירען און אנטלויפען. אן עפענטליכער דאָ־קומענט פון געטהע'ס מיינונג איז ערשינען אין דעם צווייטען העפט פון געטהע'ס צייטשריפט „קונסט און אלטערטום", און ער טראגט דעם טיטול: „וועגען דער קריסטליך־פאטריאטיש־ניי־דייטשע קונסט". מיט דעם דאזיגען ארטיקעל האט געטהע געמאכט זיין 18טען ברומעיר אין דער דייטשער ליטעראטור; ווארים מיט דעם,

וואס ער האט אזוי גראב פאריאגט די שלעגעלס פון טעמפעל, און
האט א סך פון זייערע געטרייעסטע תלמידים צוגעצויגען צו זיך, און
איז אקלאמירט געווארען פון פובליקום, פאר וועלכען דאס שלע־
געל׳שע דירעקטאריום איז שוין פון לאנג געווען א גרויל, האט ער
באגרינדעט זיין זעלבסטהערשאפט אין דער דייטשער ליטעראַ־
טור. פון זינט יענער שעה האט מען שוין מעהר ניט געהערט פון
די שלעגעלס; נאר ווען ניט ווען איז געקומען צו רייד וועגען זיי.
פונקט אזוי ווי מען רעדט נאך היינט טיילמאל פון בארא אדער
גאיע; מען רעדט שוין ניט מעהר פון דער ראמאנטיק און דער
קלאסישער פאעזיע, נאר פון געטהע און ווידער פון געטהע. אודאי
זענען פאר דער צייט אויפגעטראטען עטליכע דיכטער, וועלכע פאר־
מאגען ניט פיעל ווינציגער קראפט און פאנטאזיע, ווי ער: אבער
פון העפליכקייט וועגען, האבען זיי איהם אנערקענט אלס זייער
עלצטען, האבען זיך ארומגעזאמעלט ארום איהם און איהם אפ־
געגעבען כבוד, האבען איהם געקושט די האנד און געקניהט פאר
איהם; אט די גראנדען פון דעם פארנאסוס אונטערשיידען זיך
אבער פון דער גרויסער מענגע דורך דעם, וואס אפילו אין גע־
טהע׳ס אנוועזענהייט נעמען זיי ניט ארונטער די לארבערקרענץ פון
זייערע קעפ. טיילמאל שטרייטען זיי אפילו מיט איהם. עס פאר־
דריסט זיי אבער, ווען א קלענערער האלט זיך אויך פאר בארעכ־
טיגט צו רעדען שלעכטס אויף געטהע. די אריסטאקראטען, מעגען
זיי אפילו זיין ווי בייז אויף זייער סאווערעין, ווערען זיי דאך ווערען
אין כעס, ווען דער פלעבס הויבט זיך אויך אויף אקעגען איהם. און
די גייסטיגע אריסטאקראטען אין דייטשלאנד האבען אין דער צייט
פון די צוויי לעצטע צעהנדליג יאהרען געהאט גענוג אירזאכען צו
זיין ברוגז אויף געטהע. ווי איך אליין האב דאמאלט אפען געזאגט
מיט ביטערקייט: געטהע איז פונקט אזוי ווי לודוויג דער עלפטער,
וועלכער האט אונטערדריקט דעם הויכען אדעל און דערהויבען דעם
מיטעלקלאס.

דאס איז געווען ניט אנגענעהם. געטהע האט מורא געהאט
פאר יעדען זעלבסטשטענדיגען אריגינעלען שריפטשטעלער, און ער
האט געלויבט אלע אומבאדייטענדע קליינע גייסטער: יא, נאך

מעהר, ער האט דאס געטריבען אזוי ווייט, אז א הסכמה פון גע־טהע'ן איז געווען אנגענומען פאר אן אטעסטאט פון מיטעלמעסיקייט.

שפעטער וועל איך רעדען פון די גייע דיכטער, וואס זענען ארויסגעטראטען איג'ם לויף פון דער געטהע'שער קייזער־צייט. דאס איז א יונגער וואלד, וועמענס שטאמען ווייזען ארוים זייער גרויסקייט ערשט איצט, נאכדעם ווי עס איז געפאלען דער הונ־דערט־יאהריגער דעמב, וועמענס צווייגען זענען געווען אויסגע־וואקסען אויף אזוי פיעל העכער, און פון וועמען זיי זענען געשטעלט געווארען אין שאטען.

ווי שוין געזאגט, האט ניט געפעהלט קיין אפאזיציאן, וועלכע האט זיך מיט ביטערקייט ארויסגעשטעלט אקעגען אט דעם גרוי־סען בוים געטהע. מענשען, וואס צווישען זיך האבען זיי געהאט די פארשידענסטע מיינונגען, האבען זיך פאראייניגט אין דער דאזי־גער אפאזיציאן. די אלטגלויביגע, די ארטאדאקסען, האט עס גע־קרענקט, פארוואס אין דעם שטאם פון דעם גרויסען בוים האט זיך ניט געפונען קיין ניש מיט קיין בילד פון א הייליגען, יא, נאכעמהר דערפאר, וואס אין אידי״ האבען די נאקעטע דריאדען פון היידענ־טום געטריבען זייערע היידנישע שטיק, און זיי האבען חשק גע־האט, גלייך ווי דער הייליגער באניפאציוס, אונטערצוהאקען דעם דאזיגען כשוף־דעמב מיט א געהייליגטער האק; פארקעהרט ווי־דער די נייגלויביגע, די ליבעראלען, האט עס פארדראסען, פארוואס מען קען דעם דאזיגען בוים ניט באנוצען פאר קיין פרייהייטס־בוים, און וועניגער נאך פון א באריקאדע. און אין דער אמת'ן, איז דער בוים געווען צו הויך. אויף זיין שפיץ האט מען ניט געקענט אנטאן קיין רויט היטעלע און אונטער איהם האט מען ניט געקענט טאנצען די קארמאניאלע. דאס גרויסע פובליקום אבער האט דעם דאזיגען בוים פארעהרט, טאקי דערפאר, ווייל ער איז געווען אזוי זעלבסטשטענדיג הערליך, און ווייל ער האט אזוי ליעבליך אנגע־פילט די גאנצע וועלט מיט זיין גוטען ריח, און ווייל זיינע צווייגען האבען אזוי פראכטפול זיך צעוואקסען ביז צום הימעל, אזוי, אז עס האט אויסגעזעהן, ווי די שטערן וואלטען נאר געווען די גאלדענע פרות פון דעם גרויסען וואונדערבוים.

די אָפּאָזיציאָן אקעגען געטהע האָט זיך אײגענטליך אָנגע־הויבען בײ דעם ערשײנען פון די אזוי גערופענע פאַלשע וואַנדער־יאָהרען, וועלכע זענען אין יאָהר 1821, דאָס הײסט גלײך נאָך דעם אונטערגאַנג פון די שלעגעלס, ארויס בײ גאָטפריעד באַסע אין קווידלינבורג, אונטער דעם טיטול: „ווילהעלם מײסטערס וואַנ־דעריאָהרען.“ ווארים געטהע אלײן האָט פריהער געהאַט מודיע געווען, אז ער געהט ארויסגעבען אזא בוך, אלס פאָרטזעצונג פון זײן ווערק „ווילהעלם מײסטערס לערניאָהרען.“ און מאָדנע, גראָד אין די דאָזיגע פאָרטזעצונג ערשײנען אין דערזעלביגער צײט מיט זײן דאָפּעלגענגער, און וועלכען עס איז ניט נאָר נאָכגעמאַכט גע־וואָרען געטהע'ס אַרט שרײבען, נאָר אלס די האַנדעלדיגע פּערזאָן איז אויך פאָרגעשטעלט געוואָרען דער העלד פון געטהע'ס אָריגינאַל־דראַמאַן. די דאָזיגע אָפּישע נאָכמאַכונג האָט ארויסגעוויזען מעהר טאַקט ווי גײסט. און אזוי ווי דער פאַרפאַסער האָט א לאַנגע צײט געקענט באהאַלטען זײן נאָמען, און מען האָט זיך אומזיסט באמיהט איהם צו ענטדעקען, האָט דאָס נאָך קינסטליך פאַרגרעסערט דעם אינטערעס פון פּובּליקום. צום סוף האָט זיך דאָך ארויסגעוויזען, אז דער פאַרפאַסער איז געווען א ביז דעמאָלט אונבאַקאַנטער דאָרף־פּרעדיגער, מיט'ן נאָמען פּוסטקוכען, וואָס הײסט אויף פראַנצויזיש omelette soufflee א נאָמען, וועלכער זאָגט שוין, וואָס פאַר א פאַרשווין דאָס איז געווען. דאָס איז ניט געווען עפּיס אַנדערש, ווי דאָס אַלטע פּיעטיסטישע זויערטײג, וואָס האָט זיך עס־טעטיש אויפגעבלאָזען. אין יענעם בוך האָט מען געטהע'ן פאַרגע־וואָרפען, אז זײנע דיכטונגען האָבען ניט קײן מאָראַלישען צוועק; אז ער קען ניט שאַפען קײן עדעלע געשטאַלטען, נאָר וואולגאַרע פיגורען; אז פאַרקעהרט, שילער האָט אויפגעשטעלט די אידעאַלישע שענסטע כאַראַקטערען, און ער איז דערפאַר א גרעסערער דיכטער.

דאָס לעצטע, נעמליך, אז שילער איז גרעסער ווי געטהע, דאָס איז געווען דער באַזונדערער שטרײטפּונקט, וועלכען דאָס בוך האָט ארויסגערופען. מען איז ארײנגעפאַלען אין א מאַניע צו פאַר־גלײכען די שאַפונגען פון אָט די בײדע דיכטער, און די מײנונגען זענען געווען פאַרשיעדענע. די שילעריאַנער האָבען אָנגעוויזען

אויף דער זיטליכער הערליכקייט פון א מ א ק ס פּ י ק אָ ל אָ־מ י נ י, פון א ט ה ע ק ל א, פון א מ א ר ק י ז פּ אָ ז אָ, און אנדערע שילער׳שע טעאטער־העלדען. און ווידער האבען זיי פארקעהרט דערקלעהרט אזעלכענע געטהע׳שע פערזאנען, ווי פ י־ל י נ ע, ק ע ט כ ע ן און ק ל ע ר כ ע ן, און נאך אזעלכענע שענע באשעפענישען, אלס אונמאראלישע פרויען. די געטהע׳אנער האבען מיט א שמייכעל באמערקט, אז אמת, ס׳איז שווער צו דער־קלעהרען די לעצטע, ווי אויך געטהע׳ס העלדען, אלס מאראלישע. אז אבער דאס פערדיגען פון מאראל, וואס מען פארלאנגט פון גע־טהע׳ס דיכטונגען, איז בשום אופן ניט קיין צוועק פון דער קונסט. ווארים אין דער קונסט איז בכלל ניט פאראן קיין צוועק, פונקט אזוי ווי אין דעם וועלטבוי גופא. און אז נאר דער מענש האט אין איהר אריינגעגריבעלט די באגריפען „צוועק און מיטעל“: די קונסט, פונקט אזוי ווי די וועלט, זענען נאר דא פאר זייער אייגענעם צוועק. און פונקט אזוי ווי די וועלט בלייבט אייביג די־זעלביגע, ווען אפילו די מענשען האלטען אין איין בייטען זייערע אנזיכטען, אזוי מוז אויך די קונסט בלייבען אונאבהענגיג פון די־צייטליכע אנזיכטען פון די מענשען; די קונסט מוז דערפאר באזונ־דערס אונאבהענגיג בלייבען פון דער מאראל, וועלכע בייט זיך אויף דער ערד אזוי אפט, ווי אפט עס ענטשטעהט א נייע רעליגיאן און פארדרענגט די אלטע.

און, ווירקליך, אזוי ווי יעדעס מאל, ווען עס לויפען פארביי א רייה פון הונדערטער יאהרען, קומט אויף אין דער וועלט א נייע רעליגיאן, און אזוי ווי יעדע נייע רעליגיאן, נאכ־דעם ווי זיי געהט איבער אין די זיטען, שאפט אויך א נייע מאראל, וואלט אויסגעקומען, אז יעדע צייט וואלט באטראכט די קונסט־ווערק פון דער פארגאנגענהייט פאר אונמאראליש, ווען זיי זאלען געמאסטען ווערען מיט דער מאראלישער מאס פון דער צייט. ווי מיר האבען ווירקליך געזעהן, אז גוטע קריסטען, וועלכע פארדאמען דעם חומר אלס דעם שטן׳ס ווערק, פיהלען זיך אלע מאל שלעכט, ווען זיי דערזעהן די גריכישע געטערבילדער; צנועה׳דיגע מאנא־כען האבען דער קלאסישער ווענוס אנגעטאן א פארטוך; אפילו

ביז אין דער נײעסטער צײט פלעגט מען די נאקעטע סטאטועז אנקלעפען א לעכערליך פײגענבלאט; א פרומער קװײקער האט מקריב געװען זײן גאנץ פארמעגען, כדי אױפצוקױפען די שענסטע מיטהאלאגישע בילדער פון דזשוליא ראמאנא און זײ צו פארברענען — ער האט דורך דעם זיך װירקליך פארדיענט, אז ער זאל אנקומען אין גן־עדן אריין און דארטען קריגען געשמיסען יעדען טאג מיט גליהענדיגע ריטער! א רעליגיאן, װעלכע שרײבט צו גאט נאר צו די מאטעריע און האלט דערפאר דעם חומר פאר געטליך, האט געמוזט, װען זי איז איבערגעגאנגען אין די זיטען, ארױסברענגען א מאראל, לױט װעלכער עס זענען װערט געלױבט צו װערען נאר יענע קונסטװערק, װעלכע פארהערליכען דעם חומר. און לױט װעלכער, עס װאלטען װידער פארקעהרט באדארפט פאר־װארפען װערען, אלס אונמאראליש, די קריסטליכע קונסטװערק, װעלכע שטעלען פאר די נישטיקײט פונ׳ם חומר. יא, נאך מעהר, די קונסטװערק װאס װערען אין אײן לאנד באטראכט פאר מאראליש, קענען אין אן אנדער לאנד, װאו אן אנדער רעליגיאן איז איבערגע־גאנגען אין די זיטען, באטראכט װערען פאר אונמאראליש. אזױ למשל װעלען אונזערע בילדענדע קונסטװערק דערװעקען אן עקעל בײ א שטרענג גלױביגען מוסעלמאנער, און פארקעהרט, א סך קונסטען, װעלכע גילטען אין די הארעמס פון די מזרח־לענדער פאר אונשולדיג, זענען פאר דעם קריסט א גרויל. אזױ װי אין אינדיען איז דער באיאדערען שטאנד ניט געצװימט דורך דער געזעלשאפט־ליכער מײנונג, דערפאר גילט דארטען די דראמא „װאזאנטאזענא", װעמענס העלדין עס איז אן אײנפאך לוסטיג מײדעל, דורכאױס ניט פאר אונמאראליש; װאלט מען אבער געװאגט דאס זעלביגע שטיק אױפצופיהרען אין טהעאטער פראנסעי, װאלט דאס גאנצע פארטער געשריען װעגען זײן אונמאראלישקײט. דער זעלביגער פארטער, װאס באטראכט יעדען טאג מיט פארגעניגען די אינטרי־גען־שטיקער, װעמענס העלדינען עס זענען יונגע אלמנות, װעלכע האבען צום סוף חתונה; אנשטאט דעם װאס זײ זאלען זיך פאר־ברענען צוזאמען מיט זײער פארשטארבענעם מאן, װי דאס װערט פארלאנגט פון דער הינדוסישער מאראל.

ארויסגעהעדניג פון דעם שטאַנדפּונקט, באַטראַכטען די נע־טהע'אַנער די קונסט פאר אַן אונאבהענגיגע צווייטע וועלט, וועלכע זיי שטעלען אזוי הויך, אז אלע מענשליכע אויפטואונגען, זייער רעליגיאָן און זייער מאַראל, באווענען זיך אונטער איהר. איך קען אָבער ניט זיין קיין אבסאָלוטער אנהענגער פון דער דאָזיגער אנ־זיכט; די נעטהע'אַנער האָבען זיך דורך דעם געלאָזט פאַרפיהה־רען, צו פּראָקלאַמירען די קונסט פאר דאָס העכסטע, און זיך אָפּ־צואווענדען פון די פאָדערונגען פון יענער ערשטער ווירקליכער וועלט, וועלכער עס געהערט דאָך דער ערשטער ראַנג.

שילער איז צו יענער ערשטער וועלט צוגעשטאַנען א סך באַשלאָסענער ווי געטהע. און אין דער הינזיכט מוזען מיר איהם לויבען. איהם, פריעדריך שילער, האָט דער גייסט פון זיין צייט ארומגעכאַפּט. ער האָט זיך געראַנגעלט מיט איהם, איז פון איהם געוואָרען באַצוואונגען, ער האָט איהם נאָכגעפאָלגט צום קאַמף, ער האָט געטראָגען זיין באַנער, און דאָס איז געווען דערזעלביגער באַנער, אונטער וועלכען מען האָט אזוי באַגייסטערט געקעמפט אויף יענער זייט פון רהיין, און פאר וועלכען מיר זענען נאָך אלץ גרייט, צו פאַרגיסען אונזער בעסט בלוט. שילער האָט געשריעבען פאר די גרויסע אידעען פון דער רעוואָלוציאָן. ער האָט צושטערט די גייס־טיגע באַסטיליען, ער האָט געהאָלפען בויען דעם טעמפּעל פון דער פרייהייט, און טאַקי יענעם גאַנץ גרויסען טעמפּעל, וועלכער זאָל אריינעמען אלע נאַציאָנען פון דער וועלט ווי איין איינציגע ברי־דער־געמיינדע; ער איז געווען א קאָסמאָפּאָליט. ער האָט אנגעהוי־בען מיט יענער שנאה אקעגען דער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע מיר זע־הען אין די „רויבער", וואו ער איז גלייך צו א קליינעם טיטאַן, וועלכער איז אַנטלאָפען פון דער שול, זיך אָנגע'שכור'ט מיט שנאַפּס, און האָט ביי יופּיטער'ן אויסגעהאַקט די שויבען; געענ־דיגט האָט ער מיט דער ליעבע פאר דער צוקונפט, וועלכע בליהט שוין אין „דאָן קאַרלאָס" ארויס ווי א בלומענוואַלד, און ער אליין איז דאָס יענער מאַרקיז פּאָזא, וועלכער איז אין דערזעלביגער צייט, אי סאָלדאַט און אי פּראָפעט, וועלכער קעמפט טאַקי פאר דעם, וואָס ער פּראָפעצייהט, און טראָגט אונטער דעם שפּאַנישען

מאנטעל דאָס שענסטע האַרץ, וואָס האָט אַמאָל געליעבט און געלי־טען אין דייטשלאַנד.

דער פּאָעט, דער קליינער נאָכבאַשאַפער, איז גלייך צום ליעבן גאָט מיט דעם, וואָס ער באַשאַפט זיינע מענשען נאָך זיין אייגענע געשטאַלט. און דערפאַר ווען קאַרל מאָר און דער מאַרקיז פּאָזאַ זענען אין גאַנצען ווי שילער אַליין, איז אויך געטהע אין גאַנצען גלייך צו זיין „ווערטהער" און זיין „פאוסט", אין וועל־כע מען קען שטודירען די פאָזען פון זיין גייסט. ווען שילער וואַרפט זיך אין גאַנצען אריין אין דער געשיכטע, און באַגייסטערט זיך פאַר די געזעלשאַפטליכע פאָרטשריטען פון דער מענשהייט, און באַזינגט די וועלטגעשיכטע, איז אַבער פאַרקעהרט געטהע אריינגעטאָן אין די אינדיווידועלע געפיהלען, אָדער אין דער קונסט אָדער אין דער נאַטור. געטהע, דעם פּאַנטהעאיסט, האָט די נאַטור־געשיכטע גע־מוזט באַשעפטיגען אַלס זיין הויפּטשטודיום, און ניט בלויז אין זיי־נע דיכטונגען, נאָר אויך אין זיינע וויסענשאַפטליכע ווערק האָט ער אונז געגעבען די רעזולטאַטען פון זיינע פאָרשונגען. זיין אינדיפעט־רענטיזם איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון זיין פּאַנטהעאיסטישער וועלט־אַנשויאונג.

עס איז ליידער אמת, און מיר מוזען עס צוגעבען, אַז דער פּאַנטעאיזם האָט ניט זעלטען געמאַכט דעם מענש פאַר אַן אינדעפ־פערענטיסט. זיי האָבען זיך געטראַכט: ווען אַלץ איז גאָט, מוז דאָך זיין גאַנץ גלייכגילטיג, מיט וואָס מען באַשעפטיגט זיך: מיט די וואָלקענס, צי מיט די אַנטיקע ציערונגען; מיט פאָלקס־לידער צי מיט קאָמעדיאַנטען. אָבער דאָס איז אייגענטליך דער טעות: אַלץ איז ניט גאָט, נאָר גאָט איז אַלץ; גאָט באַווייזט זיך ניט אין דער גלייכער מאָס אין אַלע זאַכען, ער באַווייזט זיך פיל מעהר אין פאַר־שיעדענע מדרגות לויט די פאַרשיעדענע זאַכען, און יעדע זאַך טראָגט אין זיך דעם דראַנג, צו דערגרייכען אַ העכערע מדרגה פון געט־ליכקייט; און דאָס איז דאָס גרויסע געזעץ פונ'ם פאָרטשריט און דער נאַטור. די דערקענטעניש פון דעם דאָזיגען געזעץ, וועלכע איז אַם טיפזיניגסטען אַנטפּלעקט געוואָרען דורך די סען־סימאָניסטען, מאַכט איצט פון דעם פּאַנטעאיזם אַ וועלט־אַנשויאונג, וועלכע

פיהרט אבסאָלוט ניט צום אינדיפערענטיזם, נאָר צו אן אויפּאַפּפּע־רענדען שטרעבען צו ווייטערן פּראָגרעס. ניין, גאָט באַווייזט זיך ניט אלצאייגם אין אלע זאכען, ווי דאָס גלויבט וואָלפגאַנג געטהע, וועלכער איז דורך דעם געוואָרען אן אינדיפערענטיסט, און אנשטאָט זיך צו באשעפטיגען מיט די העכסטע אינטערעסען פון דער מענש־הייט, האָט ער זיך באשעפטיגט נאָר מיט קונסטשפּיעלזאכען, אנאַ־טאָמיע, פאַרבענלעהרע, באָטאַניק און וואָלקענבעאָבאכטונגען; גאָט אנטפּלעקט זיך אין די זאכען מעהר אָדער ווייניגער, ער לעבט אין דער דאָזיגער שטענדיגער אנטפּלעקונג. גאָט איז אין דער באַ־וועגונג, אין דער האנדלונג, אין דער צייט, זיין הייליגער אָטעם וועהט דורך די בלעטער פון דער געשיכטע. און די געשיכטע איז דאָס אמת'ע בוך פון גאָט; און דאָס האָט געפיהלט און געאהנט פריעדריך שילער. ער איז געוואָרען אַ „ריקווערטס־געעהרטער פּראָ־פעט" און ער האָט אָנגעשריעבען די באפרייאונג פון נידערלאנד, דעם דרייסיגיאָהריגען קריעג און די יונגפרוי פון ארלעאנס און וויל־העלם טעל.

אמת, געטהע האָט אויך באזונגען עטליכע גרויסע עמאַנציפּאַ־ציאָנס־געשיכטען. ער האָט זיי אבער באזונגען אלס ארטיסט. וואָ־רים אזוי ווי ער האָט צוריקגעוויזען דעם קריסטליכען ענטוזיאזם, וועלכער איז געווען פאר איהם פאַטאַל, און דעם פילאָזאָפישען ענ־טוזיאזם פון אונזער צייט האָט ער ניט משיג געווען, אָדער ניט גע־וואָלט משיג זיין, און וויל ער האָט מורא געהאט, אז דאדורך זאל ער ניט ארויסגעריסען ווערען פון זיין געמיטס־רוה, דערפאר האָט ער דעם ענטוזיאזם בכלל באהאנדעלט אין גאנצען היסטאָריש, ווי עפּיס געגעבענעס, ווי אַ שטאָף וואָס דארף באהאנדעלט ווערען. אונטער זיינע הענד איז דער גייסט געוואָרען מאַטעריע, און ער האָט איהם געגעבען די שענע, אנגענעהמע פאָרם. אזוי איז ער געוואָרען דער גרעסטער קינסטלער אין אונזער ליטעראטור, און אלץ, וואָס ער האָט געשריעבען, איז געוואָרען אַ פאַרענדיגט קונסט־ווערק.

דעם ביישפּיעל פון דעם מייסטער, זענען נאָכגעגאנגען די תלמידים, און אין דייטשלאַנד איז דורך דעם אויפגעקומען יענער

ליטעראַרישער פעריאָד, וועלכען איך האָב אַמאָל אָנגערופען „דער קונסט־פעריאָד“, און ביי וועלכען איך האָב אָנגעוויזען דעם איינפלוס אויף דער פּאָליטישער ענטוויקלונג פון דייטשען פאָלק. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָב איך אבער בשום אופן ניט אָפּגעלייקענט דעם זעלבסטשטענדיגען ווערט פון געטהע׳ס מייסטערווערק. זיי באַציערען אונזער טייער פאָטערלאַנד, ווי שענע סטאַטוען באַציערען אַ גאָרטען. זיי זענען אבער נאָר סטאַטוען. מען קען זיך אין זיי פארליעבען. זיי זענען אבער אונפרוכטבאר; געטהע׳ס דיכטונגען רופען ניט ארויס קיין טאַטען, ווי דאָס איז דער פאַל מיט שילער׳ס דיכטונגען. די טאַט איז דאָס קינד פונ׳ם וואָרט, און די געטהע׳שע שענע געדאַנקען זענען קינדערלאָז. דאָס איז די קללה פון אלץ, וואָס איז ענטשטאַנען נאָר דורך דער קונסט. די סטאַטוע, וועלכע פּיגמאַליאָן האָט געשאַפען, איז געווען אַ שענע פרוי, אפילו דער מייסטער אליין האָט זיך פארליעבט אין איהר. זי איז געוואָרען לעבעדיג אונטער זיינע קושען. אבער אזוי פיעל ווי מיר ווייסען, האָט זי קיינמאָל ניט געבוירען קיין קינדער. איך גלויב, אז הער שאַרל נאָדיע האָט אין אַזאַ באַציהונג אַמאָל געזאָגט עפּיס ענהליכעס. און דאָס איז מיר איינגעפאלען נעכטען, ווען איך האָב דורכשפּאַציערט די זאַלען פון לואווער און באטראכט די אלטע געטערסטאַטוען. זיי זענען דאָרט געשטאַנען מיט די שטומע, ווייסע אויגען, אין די מאַרמאָרענע שמייכעלעך איז געלעגען אַ געהיימע מעלאַנכאָליע, אפשר אַ טרויעריגע עראינערונג אָן מצרים, דאָס לאַנד פון טויטע, פון וואַנען זיי האָבען ארויסגעשפּראַצט, אָדער אפשר אַ ליידענדע בענקשאַפט צום לעבען, פון וואַנען זיי זענען ארויסגעשטופּט געוואָרען דורך אנדערע געטער. אָדער אפשר אויך אַ וועהטאָג וועגען זייער אייגענער אונשטערבליכקייט; — עס זעהט אויס ווי זיי וואָלטען וואַרטען אויף דעם וואָרט, וועלכעס זאָל זיי ווידער צוריק געבען דאָס לעבען, וואָס זאָל זיי אויסלייזען פון זייער קאַלטער, פארשטיינערטער רעגונגסלאָזיקייט. מאָדנע! די דאָזיגע אנטיקען דערמאַנען מיך אָן די געטהע׳שע דיכטונגען, וועלכע זענען פונקט אזוי הערליך, פונקט אזוי רוהיג און וועלכע, עס דאַכט זיך אייך, אַז זיי פיהלען אַ טרויער, וואָס זייער פארשטיינערטקייט שיידט זיי

אַפּ פון אונזער איצטיגען באַוועגט־וואַרעמען לעבען; וואָס זיי קענען מיט אונז ניט ליידען און ניט פרעהען זיך, וואָס זיי זענען ניט קיין מענשען, נאָר אומגליקליכע מישלינגע פון גאָטהייט און שטיין.

אַט די ביסעל אַנדייטונגען דערקלעהרען דעם כעס פון פאַרשיעדענע פּאַרטייען, וואָס האָבען זיך דערהערט אין דייטשלאַנד, אַקעגען געטהע. די אָרטאָדאָקסען זענען געווען אַנגעשטויסען אויף דעם גרויסען געצענדיענער, ווי מען רופט געוועהנליך געטהע'ן אין דייטשלאַנד; זיי האָבען מורא געהאַט פאַר זיין איינפלוס אויף דעם פאָלק, אויף וועמען ער האָט געווירקט דורך שמייכעלדיגע דיכטונגען, יאָ אפילו דורך גאָר קליינע ליעדעלעך; זיי האָבען אין איהם געזעהן דעם געפעהרליכען שונא פון צלם, וועלכער איז געווען פאַר איהם — ווי ער האָט זיך אליין אויסגעדריקט — פּונקט אזוי פאַטאַל ווי וואַנצען, קנאָבעל און טאַבאַק. אונגעפעהר אזוי האָט געלויטעט די קסעניע, וואָס געטהע האָט געוואַגט ארויסצוזאָגען אין מיטען דייטשלאַנד, אין יענעם לאַנד, וואו אַט די דריי־איינקייט — קנאָבעל, טאַבאַק און צלם הערשען אומעטום, ווי א הייליגע אליאַנץ. אָבער אונז, די מענשען פון באַוועגונג, איז דאָס גראַד ניט אזוי שלעכט געפעלען געוואָרען ביי געטהע'ן. ווי שוין געזאָגט, האָבען מיר געהאַט אויסצוזעצען אקעגען דער אונפּרוכטבאַרקייט פון זיין וואָרט, דאָס קונסטוועזען, וועלכעס איז דורך איהם פאַרשפּרייט געוואָרען אין דייטשלאַנד, און געהאַט א באַרוהיגענדע ווירקונג אויף דער יוגענד, און אקעגענגעווירקט דער פּאָליטישער רעגענעראַציאָן פון אונזער פאָטערלאַנד. דער אינדיפערענטער פּאַנטעאיסט איז דערפאַר באַפאַלען געוואָרען פון ביידע זייטען. אויף פראַנצויזיש וועט דאָס הייסען, די עקסט רעכטע און עקסט לינקע האָבען זיך פאַרבונדען אקעגען איהם; און אין דער צייט ווען דער שווארצער גלח האָט זיך צו איהם א לאָז געטאָן מיט'ן צלם, האָט זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען דער סאָנסקילאָט מיט זיין פּיקע. הער וואָלפגאַנג מענצעל, וואָס האָט אָנגעפיהרט דעם קאַמף אקעגען געטהע באַנוצענדיג שאַרפזין, וועלכער איז ווערט געווען א בעסערן צוועק, האָט אין זיין פּאָלעמיק ניט ארויסגעוויזען אזוי איינזייטיג דעם ספּיריטואַליסטישען קריסט

אָדער דעם אונצופריעדענעם פּאַטריאָט. ער האָט גיכער באַזירט זיינע אַנגריפען אויף די לעצטע אויסדרוקען פון פריעדריך שלעגעל, וועלכער האָט נאָך זיין פאַל אויס דער טיפעניש פון א קאַטוילישען דאָם, געקלאָגט איבער געטהע. איבער דעם געטהע „וועמענס פּאָעזיע עס האָט ניט קיין מיטעלפּונקט." הער מענצעל איז געגאַנגען נאָך ווייטער און באַוויזען, אז געטהע איז ניט קיין זשעניע, נאָר אַ טאַלענט. אַלס אַ געגענזאַץ האָט ער געריהמט שילער'ן, א. אז. וו. דאָס איז געשעהן אַ קורצע צייט פאַר דער יולי רעוואָלוציאָן; הער מענצעל איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער פאַרעהרער פון מיטעלאַלטער: פון זיינע קונסטווערק, אזוי גוט, ווי פון זיינע אינסטיטוציאָנען. ער האָט מיט אויסערגעוועהנליכען צאָרן באַרעדט יאָהאַן היינריך פאָס, און געלויבט מיט אַן אונערהערטער באַגייסטערונג דעם הער יאָזעף גערעס; זיין שנאה צו געטהע איז דאַרום געווען אַן אמת'ע. און ער האָט געשריעבען אקעגען איהם אויס איבערצייגונג. אַלזאָ ניט, ווי אַ סך מיינען, כדי דורך דעם זיך באַקאַנט צו מאַכען. הגם איך בין דעמאָלט אַליין געווען אַ געגנער פון געטהע, בין איך דאָך געווען אונצופרידען מיט דער האַרטקייט, מיט וועלכער הער מענצעל האָט איהם קריטיקירט און מיר האָט פאַרדראָסען וואָס איהם האָט געפעהלט דרך ארץ. איך האָב דעמאָלט באַמערקט, אז געטהע איז דאָך אַלץ דער קעניג פון אונזער ליטעראַטור; ווען מען לעגט אויף אזא איינעם ארויף דאָס קריטישע מעסער, טאָר אבער קיינמאָל ניט פעהלען די נויטיגע העפליכקייט, פּונקט אזוי ווי דער תליון, וועלכער האָט געדאַרפט אָפּהאַקען דעם קאָפּ פון קאַרל דעם ערשטען, האָט, איידער ער איז געגאַנגען אויספיהרען זיין פליכט, זיך געוואָרפען אויף די קניה פאַר דעם קעניג און געבעטען, אז דער קעניג זאָל איהם מוחל זיין.

צווישען די געגנער פון געטהע, געפינט זיך אויך דער באַריהמטער הויפראַט מילנער און זיין איינציג טריי געבליבענער פריינד, הער פּראָפעסאָר שיץ, דער זוהן פון דעם אַלטען שיץ. נאָך עטליכע אַנדערע וואָס זענען ווייניגער באַריהמט, ווי למשל א געוויסער הער שפּאַון, וועלכער איז צוליעב אַ פּאָליטישען פאַרברעכען געזעסען אַ לאַנגע צייט אין געפענגעניש, האָבען אויך באַלאַנגט

צו געטהע'ס עפּענטליכע געגנער. צווישען אונז גערעדט, איז דאָס געווען אַ גאַנצער ערב רב. וואָס עס איז געוואָרען אויפגעטאָן, דאָס האָב איך שוין אָנגעוויזען. שווערער איז צו דערגעהן דעם באַזונדערן מאָטיוו, וואָס האָט געקענט באַוועגען יעדען איינציגען, עפּענטליך אויסצודריקען זיינע אַנטיגעטהע'אַנישע איבערצייגונגען. נאָר ביי איין מענשען ווייס איך גענוי דעם מאָטיוו. און אַזוי ווי דאָס בין איך אַליין, וויל איך איצט זיך מודה זיין: עס איז געווען קנאה. איך מוז אָבער דאָך נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז איך האָב אין געטהע'ן קיינמאָל ניט אָנגעגריפען דעם דיכטער, נאָר דעם מענשען. איך האָב קיינמאָל ניט געטאַדעלט זיינע ווערק. איך האָב קיינמאָל אין זיי ניט געקענט זעהן קיין חסרונות, ווי יענע קריטיקער, וואָס האָבען מיט זייערע פיינגעשליפענע שפּאַקולען אויך אין דער לבנה דערזעהן פלעקען; — אוי, די שאַרפזיכטיגע מענשען! וואָס זיי האָבען געמיינט אַז עס איז פלעקען, איז גאָר בליהענדיגע וועלדער, זילבערנע טייכען, ערהאַבענע בערג און לאַכענדיגע טאָלען.

קיין זאַך איז ניט נאַרישער ווי דאָס גרינגשעצען פון געטהע צו גונסטען שילער'ן, מיט וועמען מען האָט בשום אופן ניט געמיינט עהרליך, און וועמען מען האָט געליבט נאָר דערפאַר, ווייל מען האָט געוואָלט געטהע'ן אַראָפּזעצען. אָדער האָט מען טאַקי ווירקליך ניט געוואוסט, אַז יענע הויכגעריהמטע, הויכאידעאַלע געשטאַלטען, יענע אַלטאַרבילדער פון דער טוגענד און זיטליכקייט, וואָס שילער האָט געמאָלען, האָבען געקענט פיעל לייכטער געשאַפען ווערען, ווי יענע זינדיגע קליינוועלטליכע, באַפלעקטע באַשעפענישען, וואָס געטהע לאָזט אונז זעהן אין זיינע ווערק? ווייסען זיי דען ניט, אַז מיטעלמעסיגע מאָלער פאַרמעסטען זיך דוקא צו מאָלען אויפ'ן לייווענד לעבענס־גרויסע בילדער פון הייליגע, אַז פאַרקעהרט ווידער מוז מען שוין זיין אַן אמת גרויסער מייסטער, כדי צו קענען אָפּמאָלען לעבענסגעטריי, און טעכניש פאָלקאָמען, אַ שפּאַנישען בעטלער־יונג וואָס לויפּט, אַ נידערלענדישען פויער, וואָס שפּייט, אָדער וועמען מען שלעפּט אַרויס אַ צאָהן, און מיאוס'ע אַלטע ווייבער, ווי מיר זעהען זיי אויף קליינע האָלענדישע קאַבינעט־בילדער? דאָס גרויסע און דאָס מורא'דיגע לאָזט זיך אין דער קונסט

א סך לייכטער פארשטעלען, ווי דאס קליינע און אונבאדייטענדע. די חרטומים פון מצרים האבען משה רבינו געקענט נאכמאכען א סך קונצען, ווי למשל די שלאנגען, דאס בלוט, און אפילו די פרעש. אבער ווען ער האט גענומען ווייזען זאכען, וועלכע זענען אין פלוג דאכט זיך גאר נישט, ווי למשל כנים, האבען זיי געמוזט צונגע־בען, אז דאס קענען זיי ניט. און זיי האבען געזאגט: „דאס איז דער פינגער פון גאט."

איהר קענט אייך אויסזעצען וויפיעל איהר ווילט אקעגען די גע־מיינהייטען אין „פאוסט", אקעגען די סצענען אויף דעם בארג בראקען, צי אין אויערבאכסקעלער, זעצט אוים וויפיעל איהר ווילט אקעגען די אונמאראלישקייטען אין „ווילהעלם מייסטער" — איהר קענט אבער דאס אלץ ניט נאכמאכען; וויל דאס איז דער פינגער פון געטהע! אבער איהר ווילט דאס אויך ניט נאכמאכען, און איך הער ווי איהר באהויפטעט מיט עקעל: מיר זענען ניט קיין מכשפים, מיר זענען גוטע קריסטען. אז איהר זענט ניט קיין מכשפים, דאס וויים איך.

געטהע׳ס גרעסטער פארדיענסט באשטעהט טאקי אין דעם, וואס עס איז דא פאלקאמענהייט אין אלץ, וואס ער שטעלט פאר: דא זענען ניט פאראן קיין טיילען, וואס זענען שטארק, אין דער צייט וואס אנדערע זענען שוואך. דא איז ניטא קיין טייל וואס איז אויסגעמאלט אין דער צייט, וואס דער צווייטער טייל איז בלויז סקיצירט. ביי איהם זענען ניט פאראן קיין פארלעגענהייטען, גע־ירשה׳טע טראדיציעס, קיין פארליעבע פאר איינצעלהייטען. יעדע פערזאן אין זיינע ראמאנען און דראמען באהאנדעלט ער אזוי, ווי זיי וואלטען געווען די הויפט פערזאנען. אזוי איז אויך דער פאל ביי האמער׳ן, און אזוי איז אויך ביי שעקספיער׳ן. אין די ווערק פון אלע גרויסע דיכטער איז אייגענטליך ניטא קיין זייטיגע פער־זאנען. יעדע פיגור איז א הויפט־פערזאן אויף איהר פלאץ. אזעל־כענע דיכטער זענען גלייך צו אבסאלוטע פירשטען, וועלכע גיבען ניט צו, אז די מענשען האבען א זעלבסטשטענדיגען ווערט, און טאַ־מיר גילטען זיי פאר עפים, האבען זיי דאס די פירשטען צו פאר־דאנקען. ווען א פראנצויזישער געזאנדטער האט זיך אמאל אויסגע־

דריקט פאַר דעם רוסישען צאַר פּאוועל, אַז אַ וויכטיגער מאַן פון זיין קעניגרייך אינטערעסירט זיך מיט אַ געוויסער זאַך, איז איהם דער קייזער שטרענג אריינגעפאלען אין די רייד מיט די מערקוויר־דיגע ווערטער: „אין מיין לאַנד איז ניטאָ קיין וויכטיגער מאַן, אַ חוץ דער מיט וועלכען איך רעד, און נאָר אַזוי לאַנג ווי איך רעד מיט איהם איז ער וויכטיג.“ אַן אַבסאָלוטער דיכטער, וועלכער האָט זיין מאַכט אויך באַקומען פון גאָט'ס גנאָד, באַטראַכט אויף דעם זעלבען אופן יענע פערזאָנען פון זיין גייסטיגער מלוכה אלס די וויכטיגסטע, וועלכע ער לאָזט גראַד רעדען, וועלכע זיינען גראַד ארויסגעשפּרונגען פון אונטער זיין פּען. און פון אַזאַ קונסט־דעספּאָ־טיזם ענטשטעהט יענע וואונדערבאַרע פאַלקאָמענהייט אין די קלענסטע פיגורען פון האָמער'ס, שעקספּיער'ס און געטהע'ס ווערק.

ווען איך האָב גערעדט אַביסעל צו שאַרף וועגען געטהע'ס געגנער, מוז איך אָבער רעדען נאָך שאַרפער וועגען זיינע אַפּאָלאָ־גיסטען. די מייסטע פון זיי האָבען אין זייער אייפער ארויסגע־בראַכט די גרעסטע נאַרישקייטען. אויף דער גרעניץ פון לעכער־ליכקייט שטעהט אין דער הינזיכט איינער, מיט'ן נאָמען עקער־מאַן, ווערמען עס פעהלט איבעריגענס ניט קיין גייסט. אין דעם קאַמף אַקעגען דעם הער פּוסטקוכען האָט קאַרל אימערמאַן, וועל־כער איז היינט אונזער גרעסטער דראַמאַטישער דיכטער, געוואונען זיינע קריטישע שפּאָרען; ער האָט פאַרעפענטליכט אַן אויסגעצייי־כענט פלוגבלעטעל. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָבען זיך אַם מייסטען אויסגעצייכענט די בערלינער. דער באַדייטענדסטער קעמפער פאַר געטהע'ן איז אַלעמאָל געווען וואַרנהאַגען פאָן ענזע, אַ מאַן וואָס טראָגט זיך אַרום אין האַרצען מיט געדאַנקען, וואָס זע־נען אַזוי גרויס ווי די וועלט, און דריקט זיי אויס אין ווערטער, וואָס זענען אַזוי טייער און אַזוי פיין ווי געשניטענע עדעלשטיינער. ער איז יענער אַריסטאָקראַטישער גייסט, אויף וועמענס אורטייל גע־טהע האָט אַלע מאָל געלעגט דאָס גרעסטע געוויכט. — אפשר איז נוצליך דאָ צו דערמאָנען, אַז הער ווילהעלם פאָן הומבאָלדט האָט שוין פריהער געהאַט געשריעבען אַן אויסגעצייכענט בוך וועגען גע־טהע. זייט די לעצטע צעהן יאָהרען האָט יעדער לייפּציגער יאַריד

אַרױסגעבראַכט מעהרערע שריפטען װעגען געטהע. די אונטערזוּ־כוּנגען פון דעם הער שובאַרט װעגען געטהע באַלאַנגען צו די מערקװירדיקײטען פון דער הויכער קריטיק. װאָס עס האָט געזאָגט װעגען געטהע'ן אין פאַרשידענע צײטשריפטען דער הער הע־רינג, װעלכער שרײבט אונטער דעם נאָמען װיליבאַלד אַלעקסיס, איז געװען פונקט אַזױ באַדײטענד װי גרױס. הער צימערמאַן, װעל־כער איז פּראָפעסאָר אין האַמבורג האָט אין זײנע מינדליכע פאָר־טראַגען אַרױסגעזאָגט די אױסגעצײכענטסטע מײנונגען איבער גע־טהע, און מען געפינט זײ, אַנגעװיזען אמת נאָר אין אַ קלײנער מאָס, דערפאַר נאָך טיעפזיניגער אין זײנע דראַמאַטורגישע בלע־טער. אין פאַרשיעדענע דײטשע אוניװערזיטעטען האָט מען געלײ־ענט לעקציעס װעגען געטהע, און פון אַלע זײנע װערק האָט זיך דאָס פּובליקום צומײסטען באַשעפטיגט מיט זײן „פאַוסט". מען האָט װעגען איהם געשריעבען דערקלערונגען און פּירושים, און ער איז געװאָרען די װעלטליכע ביבעל פון די דײטשען.

איך װאָלט ניט געװען קײן דײטש, װען איך זאָל בײם דער־מאָנען „פאַוסט" ניט אַרױסזאָגען װעגען דעם דאָזיגען װערק עט־ליכע דערקלעהרענדע געדאַנקען. װאָרים פון דעם גרעסטען דענ־קער ביז צו דעם קלענסטען העקלער, פון דעם פילאָזאָף ביז אַראָפּ צו דעם דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע, שאַרפט יעדער זײן חריפות בײ דעם דאָזיגען בוך. אָבער דאָס בוך איז װירקליך אַזױ ברײט װי די ביבעל. און פונקט װי די ביבעל נעמט עס אַרום דעם הימעל און די ערד צוזאַמען מיט דעם מענשען און זײנע ביאורים. דער שטאָף איז דאָ װידער די הױפּט אורזאַך, פאַר װאָס „פאַוסט" איז אַזױ פּאָפּוּ־לער; דאָס װאָס ער האָט דעם דאָזיגען שטאָף אַרױסגעזוכט פון די פאָלקס־לעגענדען, דאָס באַװײזט טאַקי געטהע'ס אונבאַװאוסטען טיעפזין פון זײן זשעניע, װעלכער האָט אַלעמאָל געװאוסט אָנצו־כאַפּען דאָס נעהענסטע און דאָס אמת'ע. איך נעם אָן אין פאָר־אױס, אַז דער אינהאַלט פון „פאַוסט" איז באַקאַנט; װאָרים דאָס בוך איז אין דער לעצטער צײט אױך אין פראַנקרײך באַריהמט געװאָרען. איך װײס אָבער ניט, צי איז דאָ באַקאַנט די אַלטע פאָלקסלעגענדע גופא, צי װערט דאָ אין דעם לאַנד פאַרקױפט אױף

די יארידים א בוך אויף גרויען פליעספאפיער, שלעכט געדרוקט און באציערט מיט שלעכטע האלצשניטען, אין וועלכען עס ווערט דערצעהלט, ווי דער גרויסער מכשף יאהנעס פאוסטוס, א געלערנטער דאקטאר, וואס האט שטודירט אלע וויסענשאפטען, ווארפט צום סוף אוועק אלע ביכער, פארקויפט זיך צום טייוועל, וועלכער פארשאפט איהם אלע תענוגים אויף דער וועלט, און דערפאר אבער וועט זיין נשמה מוזען אייביג ברענען אין גיהנום. דאס פאלק אין מיטעלאלטער האט אלע מאל, ווען עס האט געזעהן א גרויסע גייסטיגע קראפט, איהר צוגעשריעבען א פארבינדונג מיט'ן טייוועל. און אזוי האבען אזעלכענע מענער ווי אלבערטוס מאגנוס, ראימאנד לולוס, טהעאפראסטוס פארצעלזוס, אגריפא פון רעטענסהיים און אין ענגלאנד אויך ראדזשער בייקא, געגאלטען פאר מכשפים, שווארצקינסטלער און פארקויפטע צום טייוועל. אבער מעהר ווי וועגען אלע ווערט געזונגען און גערעדט וועגען דעם דאקטאר פאוסטוס, וועלכער האט פארלאנגט פון טייוועל ניט נאר די דערקענטניש פון אלץ, נאר אויך די רעאלסטע תענוגים. און דאס איז טאקי דערזעלביגער פאוסט, וואס האט אויסגעקלעהרט די בוכדרוקעריי, און וועלכער האט געלעבט אין א צייט, ווען מען האט אנגעהויבען צו פרעדיגען אקעגען דער שטרענגער אויטאריטעט פון דער קירך און ווען מען האט אנגעהויבען צו פארשען זעלבסטשטענדיג, — אזוי אז מיט פאוסט'ן הערט אויף דער מיטעלאלטערליכער גלויבענספעריאד, און עס הויבט זיך אן דער מאדערנער קריטישער וויסענשאפטס־פעריאד. אין דער אמת'ן איז אין דעם פאראן א וויכטיגע באדייטונג, וואס אין דער צייט, ווען פאוסט האט געלעבט — לויט דער פאלקסמיינונג, — האט זיך טאקי אנגעהויבען די רעפארמאציאן, און ער זאל דאס טאקי האבען ערפונדען די קונסט, וועלכע האט דעם וויסען פארשאפט א נצחון איבער דעם גלויבען, נעמליך די קונסט פון בוכדרוקעריי. א קונסט, וועלכע האט ביי אונז אבער אויך צוגערויבט די קאטוילישע געמיטס־רוה און אונז אריינגעווארפען אין צווייפעל און אין דער רעוואלוציאן— אן אנדערער אויף מיין ארט וואלט געזאגט: וועלכע האט אונז צום סוף איבערגעגעבען צום טייוועל אין די הענד אריין. אבער ניין,

דאס וויסען, די דערקענטעניש פון אלץ דורך דער פארנונפט, די ווי־
סענשאפט גיט אונז צום סוף די תענוגים, וועגען וועלכער די אמונה,
דאס קאטוילשע קריסטענטום האט אונז אזוי לאנג גענארט; מיר
דערקענען, אז די מענשען זענען בארופען ניט נאר צו א הימלישער
גלייכהייט, נאר אויך צו אן ערדישער; די פאליטישע ברידערשאפט
וואס ווערט אונז געפרעדיגט פון דער פילאזאפיע, טוט אונז
א סך מעהר גוטס, ווי די גייסטיגע ברודערשאפט, צו וועלכער עס
האט אונז פארהאלפען דאס קריסטענטום. און דאס וויסען ווערט
דאס ווארט, און דאס ווארט ווערט די טאט, און מיר קענען נאך
ביים לעבען ווערען זעליג אויף דער וועלט; — ווען מיר זאלען נאך
א חוץ דעם קריגען נאכ'ן טויט די הימלישע זעליקייט, ווי דאס
קריסטענטום זאגט דאס אונז צו אזוי באשטימט, וועט דאס אונז
אודאי זיין זעהר ליעב.

אט דאס האט דאס דייטשע פאלק שוין פון לאנג טיעפזיניג
פארגעפיהלט, ווארים דאס דייטשע פאלק איז דאס אליין יענער
דאקטאר פאוסט, ער איז דאס אליין יענער ספיריטואליסט, וועל־
כער דערגעהט מיט'ן גייסט ווי ניט גענוג עס איז דער גייסט, און ער
זוכט דערפאר מאטעריעלע תענוגים, און גיט דעם חומר צוריק זיינע
רעכט. דאך אזוי ווי מען איז נאך ניט באפרייט פון דער סימבא־
ליק פון דער קאטוילישער פאעזיע, וואו גאט איז דער רעפרעזענ־
טאנט פון גייסט, און דער טייוועל גילט אלס דער רעפרעזענטאנט
פון חומר, באצייכענט מען יענע רעהאביליטאציאן פון חומר אלס
אן אפטריניקייט פון גאט, אלס א פארבינדונג מיט'ן טייוועל.

עס וועט אבער נאך לאנג געדויערען, איידער ביים דייטשען
פאלק וועט מקוים ווערען דאס וואס מען האט איהם אזוי טיעפזי־
ניג נביאות געזאגט אין יענעם געדיכט. עס וועט נאך דויערען לאנג
איידער עס וועט דורך דעם גייסט איינזעהן די אוזורפאציאנען פון
גייסט, און עס וועלען צוריק געשטעלט ווערען די רעכט פון דעם
חומר. דאס וועט זיין די רעוואלוציאן, די טאכטער פון דער רע־
פארמאציאן.

וועניגער באקאנט ווי „פאוסט“, איז דא אין פראנקרייך גע־
טהע'ס „וועסט־עסטליכער דיוואן“. א שפעטערדיג בוך פון וועל־

כען פרוי פאַן סטאַהל האָט נאָך נים געוואוסט, און וועלכעס מיר מוזען דאָ באַזונדער דערמאָנען. דאָס בוך ענטהאַלט דעם אַרט דענ־קען און פיהלען פון אָריענט, אויסגעדריקט אין בליהענדיגע ליע־דער און קערניגע שפּרוכען; און עס שמעקט און גליהט אין דעם בוך, ווי אין אַ האַרעם, וואָס איז פול מיט פאַרליעבטע אָדעליסקען מיט שוואַרצע געשמינקטע גאַזעלען אויגען און פאַרבענקט ווייסע אָרעמס. דעם לעזער ווערט דערביי אַזוי מאָדנע גוט אויפ'ן האַרצען, ווי דעם גליקליכען קאַספּאַר דעבוראָ, ווען ער איז אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל געשטאַנען אויבען אויף דער לייטער און געזעהן **de haut en bas** דאָס, וואָס דער באַהערשער פון די גלויביגע פלעגט נאָר זעהן **de bas en haut**, טיילמאַל פיהלט זיך אויך דער לע־זער ווי ער וואָלט געלעגען בהרחבה'דיג אויסגעשטרעקט אויף אַ פּערסישען טעפּיך, און וואָלט גערויכערט אויס אַ וואַסער ליולקע מיט אַ לאַנגען ציבעק דעם געלען טאַבאַק פון טורקעסטאַן, אין דער צייט וואָס אַ שוואַרצע שקלאַווין קיהלט איהם מיט אַ בונטען פּאַווע פעדער, און אַ שען אינגעל דערלאַנגט איהם אַ שאָל מיט אמת'ער מאָקאָ־קאַווע; — געטהע האָט דאָ אַריינגעפּלאַכטען אין פערזען דעם באַרוישענדסטען לעבענס־גענוס. און אָט די פערזען זענען אַזוי לייכט, אַזוי גליקליך, אַזוי אַרויסגעהויכט, אַזוי עטהעריש, אַז מען וואונדערט זיך ווי אַזוי איז אַזוינס מעגליך געווען אין דער דייט־טשער שפּראַך. דערביי גיט ער אויך איבער אין פּראָזאַ די שענסטע דערקלעהרונגען וועגען די זיטען און מנהגים אין מזרח, וועגען דעם פּאַטריאַרכאַלישען לעבען פון די אַראַבער; און געטהע איז דאָ כסדר אַזוי רוהיג שמייכעלדיג און אומשולדיג ווי אַ קינד, און אַזוי פול מיט חכמה ווי אַ זקן. די דאָזיגע פּראָזאַ איז אַזוי דורכזיכטיג ווי דער גרינער ים, ווען עס איז העלער זומער נאָכמיטאָג און ס'בלאָזט נים קיין ווינטעל, און מען קען אַראָפּקוקען אין דער טיפעניש אַריין, וואו מען קען דערזעהן די איינגעזונקענע שטעדט מיט זייע־רע פאַרגעסענע הערליכקייטען; — טיילמאַל איז אבער יענע פּראָזאַ אַזוי מאַגיש, אַזוי פול מיט אהנונג, פונקט אַזוי ווי דער הימעל, ווען עס קומט אָן דער בין השמשות, און די גרויסע געטהע'שע געדאַנקען טרעטען דאַן אַרויס, ריין און גאָלדיג ווי די שטערען.

אומבאשרייבליך איז דער צויבער פון דעם דאזיגען בוך; דאס איז א סעלאם וואס דער מערב האט געשיקט צום מזרח, און עס געפינען זיך דארט צווישען אנדערע א סך גאר נארישע בלומען, זינליך רויטע רויזען, הארטענזען, ווי ווייסע נאקעטע מיידעלשע בוזימס, קאמישע לייבענציינער, פורפורנע דיגיטאליען ווי לאנגע מענשליכע פינגער, פארדרעהטע קראקאס־נעזער, און אין מיטען בגנבה הארבענדיגע, שטילע דייטשע פיילעכלעך. דער דאזיגער סעלאם באדייט אבער, אז דער מערב איז שוין מיעד געווארען פון זיין פריהרענדיגען מאגערען ספיריטואליזם, און וואלט זיך וועלען ווידער אנזעטיגען מיט דער געזונטער קערפער־וועלט פון מזרח. געטהע, נאכדעם ווי ער האט אין „פאוסט" אויסגעדריקט זיין אפנייגונג פון דעם אבסטראקט גייסטיגען, און זיין פארלאנג צו רעעלע גענוסען, האט ער זיך באלד מיט דעם גייסט גופא ארייגעווארפען אין די ארעמס פון דעם סענסואליזם, און ער האט אנגעשריעבען דעם **וועסט־עסטליכען דיוואן.**

עס האט דערפאר א זעהר גרויסע באדייטונג דאס, וואס דאס דאזיגע בוך איז ערשיענען באלד נאך דעם „פאוסט". דאס איז געווען געטהע'ס לעצטע פאזע, און ער האט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף דער ליטעראטור. אונזערע ליריקער האבען זיך איצטער גענומען באזינגען דעם אריענט — עס איז אויך ווערט צו דערמאנען, אז דערזעלביגער געטהע, וואס האט מיט אזא הנאה באזונגען פערזיען און אראביען, האט זיך אויסגעדריקט מיט דעם גרעסטען ווידערווילען וועגען אינדיען. איהם איז ניט געפעלען אין יענעם לאנד דאס ביזארע, פארווארפענע, ניטקלאהרע, און אפשר איז די דאזיגע אבנייגונג ענטשטאנען דורך דעם, וואס ער האט דערקענט אין די סאנסקריטישע שטודיען פון די שלעגעלס און זייערע פריינד א קאטוילישע הינטערשפיצעל. ווארים אט די הערן האבען באטראכט הינדאסטאן פאר דער וויעג פון דער קאטוילישער וועלט־ארדענונג, זיי האבען דארט געזעהן דאס מוסטערבילד פון זייער היערארכיע, זיי האבען דארט געפונען זייער דריי־אייניקייט, זייער ווערען מענש, זייער חרטה, זייער מחילה, זייערע סגופים און זייער גאנץ קלאפערגעצייג. געטהע'ס ווידערווילען אקעגען אינדיען

האָט ניט ווייניג אויפגעריצט אַט די לייט, און דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האָט איהם דערפאַר מיט א גלעזערנעם פּאַרדרוס אָנגערופען: „א הייד וואָס איז איבערגעגאַנגען צום איסלאַם“.

צווישען די שריפטען וועלכע זענען היי־יאָהר ערשיענען וועגען געטהע, פאַרדיענט דערמאַנט צו ווערען דאָס ווערק וואָס איז פאַרבליבען נאָך יאָהאַנעס פאַלק, מיט'ן נאָמען: „געטהע ווי איך האָב איהם געקענט דורך א נעהנטערער פערזענליכער חבר'שאַפט“. דער פּראָפּעסער האָט אונז אין דעם דאָזיגען בוך, א חוץ א דעטאַלירטער אַפּהאַנדלונג וועגען פאַוסט, (א זאַך וואָס טאָר ניט פעהלען!) מיטגעטיילט די אויסגעצייכענטסטע נאָטיצען וועגען געטהע, און ער האָט איהם אונז געוויזען אין אַלע זיינע באַציהונגען צום לעבען גאַנץ נאַטור געטריי, גאַנץ אונפּאַרטייאיש מיט אַלע זיינע מעלות און אַלע זיינע חסרונות. דאָ זעהען מיר געטהע אין זיין באַציהונג צו זיין מוטער, וועמענס נאַטור עס האָט זיך אַזוי וואונדערבאַר אָפּגעשפּיגעלט אין דעם זוהן; דאָ זעהען מיר איהם אַלס נאַטורפאָרשער, ווי ער באַטראַכט א גאָנשער, וועלכער האָט זיך אַליין איינגעשפּינט און וועט פון דעם שפּינוועב דערנאָך אַרויסקומען אַלס שמעטערלינג; דאָ זעהען מיר איהם ווי ער פאַרהאַלט זיך אַקעגען דעם גרויסען הערדער, וועלכער איז אין כעס אויף איהם פאַרוואָס ער איז אַזוי אינדיפערענט אַקעגען דער מענשהייט און וויל גאָר ניט באַטראַכטען ווי זי וועט זיך ענטוויקלען; מיר זעהען איהם ווי ער זיצט אינ'ם הויף פון דעם גרויסהערצאָג אין וויימאַר אַרומגערינגעלט פון די בלאָנדע הויפדאַמען און אימפּראָווירט פאַר זיי א לוסטיגער, פּונקט אַזוי ווי אַפּאָלאָ צווישען די שאָף פון דעם קעניג אַדמעטאָס; מיר זעהן איהם דאַן ווידער ווי ער וויל ניט אַנערקענען קאָצעבו מיט דעם שטאָלץ פון א דאַלאַי־לאַמאָ; ווי ווידער קאָצעבו פאַראַנשטאַלט אַן עפענטליכען יום טוב פאַר שילער'ן, כדי איהם, געטהע'ן אַראָפּצוזעצען; — אומעטום אָבער זעהען מיר איהם קלוג, שען, ליעבענסווירדיג, א חנ'עוודיגע דערקוויקענדיגע געשטאַלט, עהנליך צו די אייביגע געטער.

און ווירקליך, די האַרמאָניע פון דער פערזענליכקייט מיט דעם געניוס, וואָס מען וויל געוועהנליך זעהן ביי אויסערגעוועהנ־

ליבע מענשען, האָט מען אין גאַנצען געפונען ביי געטהע'ן. זיין אויסערליכע ערשיינונג איז געווען פונקט אזוי באַדייטזאַם, ווי דאָס וואָרט, וואָס האָט געלעבט אין זיינע שריפטען; אויך זיין געשטאַלט איז געווען האַרמאָניש, קלאָר, פריידיג, און עדעל געמאָסטען. און מען האָט געקענט אין איהם שטודירען גריכישע קונסט ווי אין אַ קלאַסישער סטאַטוע. אָט דער לייב פול מיט ווירדע איז קיינמאָל ניט געקרימט געוואָרען פון קריסטליכער וואָרימדיגער הכנעה; די צוגען פון זיין פנים זענען ניט פאַרצעהרט געוואָרען פון קיין קריסטליכע פייניגונגען; און זיינע אויגען זענען ניט געווען קריסטליך־זינדיג־צנועה'דיג, ניט פול מיט פרומקייט, און ניט גלאָצענדיג צום הימעל, ניט ציטערדיג באַוועגט — ניין, זיינע אויגען זענען געווען רוהיג ווי די אויגען פון אַ גאָט. דאָס איז איבערהויפט דער סמן פון אַ גאָט, זייער בליק איז פעסט און זייערע אויגען לויפען ניט ארום אונזיכער אהין און אהער. דערפאַר ווען אגני, באַרונאַ, יאַמאַ און אינדראַ האָבען ביי דאַמאַיאַנטי'ס חתונה זיך פאַרשטעלט אין דער געשטאַלט פון נעטער, האָט דאַמאַיאַנטי דערקענט איהר געליעבטען אין דעם ארומלויפען פון זיינע אויגען. וואָרים ווי געזאָגט, די אויגען פון די געטער באַוועגען זיך קיינמאָל ניט. די לעצטע אייגענשאַפט האָבען אויך געהאט נאַפּאָלעאָנ'ס אויגען. דערפאַר בין איך איבערצייגט, אז ער איז געווען אַ גאָט. געטהע'ס אויג איז אין זיין הויכען עלטער געבליבען פונקט אזוי געטליך ווי אין זיין יוגענד. אמת, אז די צייט האָט אויך זיין קאָפּ געקענט באַדעקען מיט שניי, אָבער ניט בויגען. אָט דעם קאָפּ זיינעם האָט ער אלע מאָל געטראָגען הויך און שטאָלץ, און ווען ער האָט גערעדט איז ער אלעמאָל געוואָרען גרעסער, און ווען ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד, האָט זיך געדאַכט, אז ער וואָלט מיט'ן פינגער געקענט פאַרשרייבען פאַר די שטערן אין הימעל אויף וועלכען וועג זיי זאָלען געהן. ארום זיין מויל וויל מען האָבען באַמערקט אַ שטריך פון קאַלטען עגאָאיזם; אָבער אויך די געטער פאַרמאָגען אזאַ שטריך, און אפילו דער פאָטער פון די געטער, דער גרויסער יופּיטער, מיט וועלכען איך האָב שוין אויבען פאַרגליכען געטהע'ן, האָט אויך געהאט אזאַ שטריך פון עגאָאיזם.

ווירקליך, ווען איך האָב איהם באזוכט אין ווייטאַר און ווען איך בין געשטאַנען פאַר איהם, האָב איך ניט ווילענדיג א קוק געטאָן אין דער זייט, צו זעהן אויב לעבען איהם שטעהט אויך ניט דער אדלער מיט די בליצען אין שנאָבעל. עס האָט געהאַלטען דערביי, אז איך זאָל רעדען צו איהם גריכיש; אזוי ווי איך האָב אבער באמערקט, אז ער האָט פאַרשטאַנען דייטש, האָב איך איהם אויף דייטש דער־צעהלט, אז די פלוימען אויפ'ן וועג צווישען יענא און ווייטאַר שמעק־קען זעהר גוט. איך האָב אזוי פיעל לאַנגע ווינטער־נעכט געטראַכט און געטראַכט וועגען דעם וויפיעל טיפזיניגעס און ערהאַבענעס איך וועל זאָגען געטהע'ן, ווען איך וועל איהם אמאָל זעהן. און ווען איך האָב איהם ענדליך געזעהן, האָב איך איהם געזאָגט, אז די זאַקסי־שע פלוימען שמעקען זעהר גוט. און געטהע האָט געשמייכעלט. ער האָט געשמייכעלט מיט דיזעלביגע ליפען, מיט וועלכע ער האָט אמאָל געקושט די לעדא, די איירָאָפא, די האַנאַע, די זעמעלע און נאָך אנדערע פרינצעסינס, אָדער גלאַט געוועהנליכע נימפען — —

**Les dieux s'en vont**, געטהע איז טויט. ער איז גע־שטאָרבען דעם 22טען מערץ פונ'ם פאַרגאַנגענעם יאָהר. אין דעם באַדייטונגספולען יאָהר, ווען אונזער ערד האָט פאַרלוירען איהרע גרעסטע מענשען. עס זעהט אויס, ווי דער טויט וואָלט אין דעם יאָהר פלוצלינג געוואָרען אריסטאָקראַטיש, ווי ער וואָלט די נאָטאַ־בעליטעטען פון דער וועלט וועלען באַזונדערס אויסצייכענען מיט דעם, וואָס ער האָט זיי אַלע אין דער זעלביגער צייט געשיקט אין קבר אריין. אפשר האָט ער גאָר געוואָלט גרינדען א פּאַרטיע אויף יענער וועלט, אין דעם קעניגרייך פון שאָטענס. אויב דאָס איז אזוי איז זיין **fournee** זעהר גוט אויסגעקליבען. אָדער אפשר פאַר־קעהרט האָט דער טויט אין דעם פאַרגאַנגענעם יאָהר געוואָלט א טובה טאָן דער דעמאָקראַטיע מיט דעם וואָס ער האָט פאַרניכטעט די גדולים צוזאַמען מיט זייער אויטאָריטעט, און אזוי ערנאָך ארויס־געבראַכט די גייסטיגע גלייכהייט? איז דאָס געווען רעספעקט אָדער אינסאָלענץ, וואָס דער טויט האָט דעם פאַריגען יאָהר פאַרשוינט די קעניגען? כדי זיך אביסעל צוצושטרייען האָט ער שוין געהאַט אויפגעהויבען זיין קאָסע אויף דעם קעניג פון שפּאַניען. אבער אין

דער לעצטער מינוט האט ער זיך בארעכענט און איהם אפגעלאזען. אין דעם פארגאנגענעם יאהר איז קיין איין איינציגער קעניג ניט געשטארבען. Les diamoru pout — אבער די קעניגע האבען מיר.

## 1.

מיט דער געוויסענהאפטיקייט, וואס איך האב מיר שטרענג פארגעשריבען, מוז איך דא באמערקען, אז מעהרערע פראנצויזען האבען געהאט טענות צו מיר, למאי איך׳ האב באהאנדעלט די שלעגעלס, באזונדערס דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל, מיט צו הארבע ווערטער. איך גלויב אבער, אז ווען מען וואלט דא געווען גענויער באקאנט מיט דער דייטשער ליטעראטור־געשיכטע, וואלטען די טענות גאר ניט געווען געקומען. א סך פראנצויזען קענען דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל נאר אויס דעם ווערק פון פרוי פאן סטאהל, זיין עדעלע באשיצערין. די מייסטע קענען איהם נאר ביים נאמען; און אט דער נאמען קלינגט זיי אין גערעבעניש אלס עפּיס פארעהרט באריהמטעס, אונגעפעהר ווי דער נאמען אזירים, פון וועמען זיי ווייסען אויך נאר, אז ער איז געווען א וואונדערליכער מאדנער גאט, וועלכער איז פארעהרט געווארען אין מצרים. וואס נאך פאר עהנליכקייטען עס זענען פאראנען צווישען דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל און דעם אזירים, דאס איז זעהר ווייניג באקאנט.

און אזוי ווי איך בין אמאל געווען איינער פון דעם עלטערן שלעגעלס אקאדעמישע תלמידים, גלויבט מען אפשר, אז איך דארף זיך אקעגען איהם באנעמען מיט א געוויסען רעספּעקט. אבער האט דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל פארשוינט דעם אלטען בירגער, וועלכער איז געווען זיין ליטעראַרישער טאטע? ניין. ער האט געהאנדעלט בנוגע בירגער׳ן ווי עס פיהרט זיך געוועהנליך, ווארים אין דער ליטעראטור, פונקט אזוי ווי אין די וועלדער פון די צפון־אמעריקאנישע ווילדענישען, ווערען די טאטעס דערשלאגען צום טויט פון זייערע זיהן, אזוי שנעל ווי זיי ווערען אלט און שוואך.

איך האב שוין באמערקט אין דעם ערשטען בוך, אז פריעדריך שלעגעל איז געווען באדייטענדער ווי זיין ברודער אויגוסט וויל־העלם; און אין דער אמת'ן אויגוסט ווילהעלם האט זיך נאר גע־שפייזט מיט די אידעען פון זיין ברודער, און האט נאר פארשטא־נען די קונץ, די דאזיגע אידעען אויסצואורבייטען. פריעדריך שלע־געל איז געווען א טיעפזיניגער מענש. ער האט דערקענט אלע הער־ליכקייטען פון דער פארגאנגענהייט און ער האט געפיהלט אלע שמערצען פון דער געגענוואַרט. ער האט אבער ניט משיג געווען די הייליקייט פון די דאזיגע שמערצען און זייער נויטווענדיקייט פאר דעם וואויל און בעסטען פון דער צוקונפטיגער וועלט. ער האט גע־זעהן די זון אונטערגעהן, האט ער א טרויעריגער געקוקט נאר אויף דעם אָרט וואו זי איז אונטערגעגאנגען, און ער האט געקלאגט אויף דער פינסטערניש פון דער נאכט, וואס ער האט געזעהן אנקומען; ער האט אבער ניט באמערקט, אז אין דער אנדערער זייט געהט שוין אויף א נייע מארגענרויטקייט. פריעדריך שלעגעל האט אמאל אנגערופען דעם געשיכטספארשער: „אן אומגעקעהרטער נביא“. דאס וואָרט פאסט זיך צום בעסטען פאר איהם גופא. די געגענ־וואַרט איז איהם געווען פארהאסט, די צוקונפט האט איהם גע־שראקען און זיינע אנטפלעקענדע אויגען האבען נאר אריינגעדרונ־גען אין דער פארגאנגענהייט, וואס ער האט ליעב געהאט.

דער אָרימער פריעדריך שלעגעל, אין די שמערצען פון אונזער צייט האט ער ניט געזעהן די שמערצען פון אויפ'ס ניי געבוירען ווע־רען, נאר די אגאניע פון שטארבען. ער האט ניט געקענט משיג זיין פארוואס דער פרוכת פון טעמפעל איז צוריסען געווארען, פארוואס די ערד האט אויפגעציטערט און די פעלזען זענען צושמעטערט געווארען. און אין זיין טויט־שרעק האט ער זיך באהאלטען אין די ציטערדיגע חורבות פון דער קאטוילישער קירך. אט די קירך איז אויף יעדען פאל געווען דער פאסענדסטער מקום מקלט פאר זיין געמיטס־שטימונג. ער האט אין לעבען איבערגעלעבט א סך פרעה־ליכעס. ער האט אבער אט די פרעהליכקייט באטראכט פאר זינדיג, פאר א זינד, אויף וועלכער מען וועט שפעטער דארפען תשובה

טאָג. און דער פּראָפעסער פון „לוציבדע" האָט נויטווענדיגערווייז געמוזט ווערען קאַטויליש.

לוצינדע איז א ראָמאַן, און א חוץ זיינע געדיכטען און א דראַמא „אַלאַרקאָס", וואָס איז געווען נאָכגעמאַכט א שפּאַנישען מוסטער, איז יענער ראָמאַן די איינציגע אָריגינעלע שאַפונג, וואָס פריעדריך שלעגעל האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך. אין זיין צייט האָט דעם ראָמאַן ניט געפעהלט קיין לויבגעזאַנגען. דער איצטיגער זעהר עהרווירדיגער הער שלייערמאַכער האָט דעמאָלט פאַרעפענטליכט זעהר באַגייסטערטע בריעף וועגען דער „לוציגדע". עס האָבען אפילו ניט געפעהלט אַזעלכענע קריטיקער וועלכע האָבען דאָס דאָזיגע פּראָדוקט געריהמט אַלס א מייסטער־שטיק און האָבען מיט באַשטימטקייט נביאות געזאָגט, אַז ער וועט אַמאָל גילטען אין דער דייטשער ליטעראַטור פאַר דעם בעסטען בוך. פאַר זיכערקייט וועגען וואָלט מען די דאָזיגע לייט באַדאַרפט איינשפּאַרען אין געפענגעניש. ווי מען טוט דאָס אין רוסלאַנד צו יענע נביאים וועלכע זאָגען נביאות, אַז עס וועט אָנקומען עפּיס אַן עפענטליך אומגליק, און דערווייל האַלט מען זיי אַזוי לאַנג איינגעשפּאַרט ביז זייער נבואה ווערט מקוים. ניין, די געטער האָבען אונזער ליטעראַטור פאַרהיט פון יענעם אומגליק; דער שלעגעל'שער ראָמאַן איז באַלד פאַרוואָרפען געוואָרען צוליעב זיין אונמאָראַלישע נישטיקייט און איצטער איז ער שוין פאַרגעסען. לוצינדע איז דער נאָמען פון דער העלדין פון אָט דעם ראָמאַן, און זי איז א זינליך וויציגע פרוי, אָדער בעסער: א געמיש פון זינליכקייט און וויץ. איהר חסרון איז, וואָס זי איז ניט קיין פרוי, נאָר אַן אונדערקוויקליכע צוזאַמענשטעלונג פון צוויי אַבסטראַקציאָנען: וויץ און זינליכקייט. גאָט'ס מאַמע קען זיך מוחל זיין דעם פּראָפעסער, וואָס ער האָט געשריבען דאָס דאָזיגע בוך. קיינמאָל אָבער וועלען איהם דאָס ניט מוחל זיין די מוזען.

אַן עהנליכען ראָמאַן מיט דעם נאָמען „פלאָרענטין" שרייבט מען על פּי טעות צו דעם פאַרשטאָרבענעם שלעגעל. ווי מען רעדט, איז דאָס דאָזיגע בוך געשריבען געוואָרען פון זיין פרוי, א טאָכטער פון דעם באַריהמטען משה מענדעלזאָהן, וועמען ער

האָט אָפּגערעדט פֿון איהר מאַן, און װעלכע איז מיט איהם צוזאַ־
מען איבערגעגאַנגען צו דער רױמיש־קאַטױלישער קירך.

איך גלױב, אַז פֿריעדריך שלעגעל האָט געמײנט עהרליך מיט
דעם קאַטױליציזם. װעגען אַ סך פֿון זײנע פֿרײנד גלױב איך דאָס
ניט. דאָ איז זעהר שװער צו דערגעהן דעם אמת. רעליגיאָן און
צבועות זענען צװילינגס־שװעסטער, און בײדע זעהען זײ אױס
אַזױ עהנליך: דיזעלביגע געשטאַלט, דיזעלביגע קלײדער, דיזעלבי־
גע שפּראַך. דער חילוק איז נאָר װאָס די צבועות ציהט אױס די
װערטער אַביסעל װײכער, און חזר'ט איבער אָפטער דאָס װערטע־
לע „ליעבע“ — איך רעד װעגען דײטשלאַנד, אין פֿראַנקרײך איז
אײן שװעסטער געשטאָרבען, און מיר זעהען נאָך די אַנדערע אין
טיעפסטען טרױער.

זינט עס איז ערשינען פֿרױ פֿאָן סטאַהל'ס **De L'allemange**
האָט פֿריעדריך שלעגעל באַשענקט דאָס פּובליקום מיט נאָך צװײ
װערק, װעלכע זענען אפשר זײנע בעסטע, און יעדענפֿאַלס פֿאַר־
דיענען זײ דערמאַנט צו װערען מיט'ן גרעסטען לױב. די צװײ װערק
זענען: „די חכמה און די שפּראַך פֿון די הינדוסען“ און זײנע
„פֿאָרלעזונגען איבער דער געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור“. דורך
דעם ערשטען בוך, האָט ער בײ אונז ניט נאָר אײנגעפֿיהרט דאָס
שטודיום פֿון סאַנסקריט, נאָר עס אױך באַגרינדעט. ער איז גע־
װאָרען פֿאַר דײטשלאַנד דאָס, װאָס װיליאַם דזשאָונס איז געװען
פֿאַר ענגלאַנד. אױף דעם געניאַלסטען אופֿן האָט ער זיך אױסגע־
געלערנט סאַנסקריט, און די װײניגע פֿראַגמענטען װאָס ער גיט
אונז איבער אין יענעם בוך, זענען מײסטערהאַפֿט איבערזעצט. דורך
זײן טיפֿען בליק האָט ער אין גאַנצען דערקענט די באַדײטונג פֿון
דעם עפּישען פֿערזאַרט בײ די הינדוסען, פֿון דער סלאָקאַ, װאָס
פֿליסט אַזױ ברײט, װי דער הײליג־קלאָרער טײך גאַנגעס. פֿאַר־
קעהרט אָבער װי קלײנליך האָט זיך אַרױסגעװיזען דער הער אױ־
גוסט װילהעלם שלעגעל, װעלכער האָט עטליכע פֿראַגמענטען פֿון
סאַנסקריט איבערזעצט אין העקסאַמעטרען, און האָט דערבײ זיך
ניט אױפֿגעהערט צו באַריהמען, אַז אין זײן איבערזעצונג האָט ער
ניט געלאָזט עס זאָלען זיך חלילה אַרײנ'גנב'ענען טראָכעיען. און אַז

ער האָט נאָכגעשניצט ניט איין שען מעטריש קונצשטיקעל פון די אַלעקסאַנדרינער. פֿריעדריך שלעגעל'ס בוך איבער אינדיען איז מסתמא איבערזעצט אויף פראַנצויזיש, און איך קען מיר פאַרשפּאָרען דעם ווייטערען לויב. אויסצוזעצען האָב איך נאָר אויף די הינטער־גערדאַנקען פון דעם בוך. עס איז געשריבען געוואָרען פאַר די אינ־טערעסען פון קאַטוילּיציזם. די דאָזיגע לייט האָבען אין די אינ־דישע געדיכטען געפונען ניט נאָר די מיסטעריען פון קאַטוילי־ליציזם, נאָר אויך די גאַנצע קאַטוילישע היעראַרכיע, און זייערע שטרייטען מיט דער וועלטליכער מאַכט. אין „מאַהאַבאַראַטאַ" און אין „ראַמיאַנאַ" האָבען זיי אויך געזעהן אַ מין עלעפאַנטען מי־טעלאַלטער. און ווירקליך, ווען אין דעם לעצטען דערמאַנטען עפּאָס ווערט דערצעהלט פון אַ מחלוקה צווישען דעם קעניג וויסוואַמיט־ראַ מיט דעם פּריעסטער וואַסישטאַ, איז די מחלוקה אַרויסגעקומען צוליעב דערזעלביגער אורזאַך, ווי די מחלוקה וואָס איז ביי אונז אָנגעגאַנגען צווישען דעם קייזער און דעם פּויפּסט. הגם דער שטרייטפּונקט ביי אונז אין אייראָפּאַ, האָט געהייסען די אינוועס־טיטור און דאָרט אין אינדיען די קוה סאַבאַלאַ.

בנוגע די שלעגעל'שע פאַרלעזונגען לאָזט זיך זאָגען דאָס זעל־ביגע. פֿריעדריך שלעגעל קוקט דאָ איבער די גאַנצע ליטעראַטור פון אַ הויכען שטאַנדפּונקט. דער דאָזיגער הויכער שטאַנדפּונקט איז אָבער אַלע מאָל דער גלאָקענטורעם פון אַ קאַטוילישער קירך. און ביי אַלעם וואָס שלעגעל זאָגט, הערט מען די גלאָקען קלינ־גען; טיילמאָל הערט מען אפילו קרעכצען די ראָבען, וואָס פלאַטער־רען אַרום איהם. מיר דאַכט, ווי פון דעם דאָזיגען בוך וואָלט אַרויסגע־שמעקט דער ווייהרויך פון דעם כהן גדול, און ווי פון זיינע בעסטע שטעלען וואָלט איך געזעהן בגנבה אַרויסקוקען לויטער טאָנסורירטע געדאַנקען. און פון דעסטוועגען, טראָץ די אַלע חסרונות, ווייס איך ניט פון קיין בעסער בוך אין דעם דאָזיגען געביעט. נאָר דורך דער צוזאַמענשטעלונג פון הערדערס אַרבייטען פון דעם מין קען מען קריגען אַ בעסערע איבערזיכט איבער דער ליטעראַטור פון אַלע פעלקער. וואָרים הערדער האָט ניט גע'משפּ'ט ווי אַ גרויס־אינק־וויזיטאָר די פאַרשיעדענע נאַציאָנען און האָט זיי ניט פאַרדאַמט

אדער אבסאָלווירט לויט זייער אמונה. ניין, הערדער האָט די גאַנצע מענשהייט באַטראַכט ווי איין גרויסע האַרף אין דער האַנד פון דעם גרויסען מייסטער. יעדעס פאָלק איז פאַר איהם געווען א באַזונדערס אַנגעסטראָיעטע סטרונע פון אָט דער ריעזענהאַרף, און ער האָט משיג געווען די אוניווערזאַל־האַרמאָניע פון איהר פאַרשיעדענע קלאַנגען.

פריעדריך שלעגעל איז געשטאָרבען אין זומער פון יאָהר 1829, פון א גאַסטראָנאָמישער אומנאַטירליכקייט. ער איז אַלט געווען 57 יאָהר. זיין טויט האָט ארויסגערופען איינעם פון די ווידערווערטיגסטע ליטעראַרישע סקאַנדאַלען. זיינע פריינד, די קלעריקאַלע פאַרטיי, וועמענס הויפּטקוואַרטיר איז געווען אין מינכען, האָט פאַרדראָסען אויף דעם אופן, ווי אזוי די ליבעראַלע פּרעסע האָט באַשפּראָכען דעם טויטפאַל. זיי האָבען דערפאַר געלעסטערט, געשימפּט, און אויסגערעדט אַל דאָס בייז אויף די דייטשע ליבעראַלען. און דאָך האָבען זיי וועגען קיין איינציגען פון די ליבעראַלען ניט געקענט זאָגען: „אז ער האָט פאַרפיהרט דאָס ווייב פון זיין פריינד, וועלכער האָט איהם אויפגענומען ווי א גאַסט, און נאָך א לאַנגע צייט נאָכדעם האָט ער געלעבט פון די נדבות פון דעם באַליידיגטען מאַן.“

איך מוז איצטער, ווייל מען פאַרלאַנגט עס דאָך פון מיר, נאָך רעדען פון דעם עלטערן ברודער, דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל. ווען איך זאָל וועגען איהם נאָך וועלען ריידען אין דייטשלאַנד, וואָלט מען מיך אַנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.

ווער רעדט נאָך היינט אין פּאַריז פון דעם זשיראַף.

דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל איז געבוירען געוואָרען אין האַנאָווער דעם 5טען סעפּטעמבער, 1767. פון איהם אַליין האָב איך דאָס קיינמאָל ניט געהערט. איך בין קיינמאָל ניט געווען אזוי ניט גאַלאַנט, איהם צו פרעגען ווי אַלט ער איז. דאָס דאַטום וואָס איך האָב אַנגעגעבען, האָב איך געפונען, אויב איך האָב ניט קיין טעות, אין שפּינדלערס לעקסיקאָן פון די דייטשע שריפטשטעלערינס. הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל איז אויף אזא אופן 64 יאָהר אַלט. הער אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט און אַנדערע נאַטור־פאָר־

שער באַהויפּטעז, אַז ער איז עלטער. אויך שאַמפּאַליאָן איז געווען
מיט דערזעלביגער מיינונג. ווען איך זאָל וועלען רעדען פון זיינע
ליטעראַרישע פאַרדיענסטען, מוז איך ווידער איהם קדם כל ריהמען
אַלס איבערזעצער. אויף דעם געביט האָט ער אָהן אַ שום ספק,
אויפגעטאָן אויסערגעוועהנליכעס. וואָרים זיין איבערזעצונג פון
שעקספּיער איז מייסטערהאַפט, אונאיבערטרעפליך. אפשר מיט אַן
אויסנאַם פון דעם הער גריעז און דעם גראַף פּלאַטען, איז דער הער
אויגוסט ווילהעלם שלעגעל דער גרעסטער מעטריקער פון דייטש־
לאַנד. אין אַלע איבעריגע טעטיקייטען געהערט ער צום צווייטען
ראַנג, אויב ניט גאָר צום דריטען. אין דער עסטעטישער קריטיק
פעהלט איהם, ווי איך האָב שוין געזאָגט, דער באָדען פון אַ פילאָ־
זאָפיע, און זיינע צייטגענאָסען האָבען איהם ווייט אַריבערגעשטי־
גען. גאָר באַזונדערס זאָלגער. אין שטודיום פון אַלט־דייטש, איז
מיט צעהן קעפּ העכער פון איהם דער הער יאַקאָב גרים, וועלכער
האָט אונז דורך זיין גראַמאַטיק באַפּרייט פון יענער אויבערפלעכ־
ליכקייט, מיט וועלכער די שלעגעלס האָבען דערקלעהרט די אַלט־
דייטשע שפּראַך דענקמאָלען. הער שלעגעל וואָלט אפשר געקענט
אויפטאָן עפּים וויכטיגעס אין׳ם שטודיום פון אַלט־דייטש, ווען ער
וואָלט ניט אַריבערגעשפּרונגען אין סאַנסקריט. איז אָבער דאָס
אַלט־דייטשע געוואָרען אויס מאָדע און מיט דעם סאַנקריט האָט
מען געקענט אויפּס ניי צוציהען אויפמערקזאַמקייט. אויך דאָ איז
ער אין אַ געוויסער מאָס געבליבען אַ דילעטאַנט. די איניציאַטיווע
פון זיינע געדאַנקען האָבען באַלאַנגט צו זיין ברודער פריעדריך,
און דאָס וויסענשאַפטליכע, דאָס רעעלע אין זיינע סאַנסקריטישע
אויפטואונגען באַלאַנגען, ווי יעדער ווייס עס, צו דעם הער לאַסען,
זיין געלערנטען מיטאַרבייטער. דער אמת׳ער סאַנסקריטישער גע־
לערנטער אין דייטשלאַנד איז פראַנץ באָפּ פון בערלין. ער איז דער
ערשטער אין זיין פאַך. אין געשיכטע האָט דער הער שלעגעל אַמאָל
געוואָלט צונעמען דעם רוהם פון ניעבוהר, ווען ער האָט אַנגע־
גריפען. פאַרגלייכט מען איהם אבער מיט אַט דעם גרויסען פאָר־
שער, אָדער מיט אַ יאָהאַנעס פאָן מילער, צי מיט אַ העעדען, אָדער
שלאָסער, און עהנליכע היסטאָריקער, מוז מען קוועטשען מיט די

פלייצעס. ווי ווייט איז ער עס אבער דערגאנגען אלס דיכטער ? דאס איז שווער צו באשטימען.

דער פידעלשפּיעלער סאלאמאנס, וועלכער האט געלערנט שפיעלען פידעל דעם קעניג פון ענגלאנד, דזשארדזש דעם דריטען, האט אמאל געזאגט צו זיין ערהאבענעם תלמיד : „די פידעלשפּיעלער ווערען איינגעטיילט אין דריי קלאסען : צום ערשטען קלאס געהערען די, וואס קענען גאר ניט שפּיעלען, צום צווייטען קלאס געהערען אזעלכענע וואס שפּיעלען זעהר שלעכט, און צום דריטען קלאס געהערען ענדליך אזוינע וועלכע שפּיעלען גוט : אייער מאיעסטעט האט זיך שוין דערהויבען ביז צום צווייטען קלאס.“

געהערט דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל צום ערשטען קלאס אדער צום צווייטען ? א טייל זאגען, ער איז גאר ניט קיין דיכטער ; אנדערע זאגען, אז ער איז זעהר א שלעכטער דיכטער. אזוי פיעל ווייס איך, אז ער איז ניט קיין פּאגאניני.

זיין באריהמטקייט האט איינענטליך דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל דערגרייכט נאר דורך דער אונערהערטער חוצפּה מיט וועלכער ער האט אנגעגריפען די געוועזענע ליטעראַרישע אויטאַריטעטען. ער האט ארונטערגעריסען די לארבערקרענץ פון די אלטע פּארוקען, און האט ביי דער דאזיגער געלעגענהייט אנגעמאכט א גרויסען שטויב פון פּודער. זיין רוהם איז א נאטירליכע טאכטער פון סקאנדאל.

ווי איך האב שוין עטליכע מאל דערמאנט, האט די קריטיק מיט וועלכער דער הער שלעגעל האט ארונטערגעריסען די געוועזענע אויטאריטעטען, זיך ניט געשטיצט אויף קיין פילאזאפיע. נאכדעם ווי מיר זענען געקומען צו זיך נאך יענער שטוינונג, צו וועלכער עס ברענגט אונז יעדע געוואגטקייט, האבען מיר דערקענט די לערקייט פון דער אזוי גערופענער שלעגעל'שער קריטיק. אזוי, למשל, ווען ער וויל אראפּזעצען דעם דיכטער בירגער, פארגלייכט ער זיינע באלאדען מיט די אלט-ענגלישע באלאדען, וואס פּוירסי האט געזאמעלט, און ער באווייזט ווי די אלט-ענגלישע זענען אייגפאכער, נאיווער, פאַרצייטיגשער, פּאלגליך זענען זיי פּאעטישער געדיכטעט. דעם גייסט פון דער פארגאנגענהייט האט דער הער

שלעגעל גוט באגריפען, באזונדערס דעם גייסט פון מיטעלאלטער. און עס געלינגט איהם דערפאר דעם דאזיגען גייסט אויך נאכצו־ווייזען אין די קונסט־דענקמאלען פון דער פארגאנגענהייט, און פון דעם שטאנדפונקט געלינגט איהם אויך צו דעמאנסטרירען זייער שענקייט. אבער אלץ וואס איז געגענווארט באגרייפט ער ניט. העכסטענס דערטאפט ער עפּיס פון דער פיזיאנאמיע עטליכע אויי־סערליכע שטריכען פון דער געגענווארט און די זענען געוועהנליך די וועניגער שענע שטריכען; און וויל ער באגרייפט ניט דעם גייסט, וואס באלעבט זיי, דערפאר זעהט ער אין אונזער גאנצען מאדערנעם לעבען בלויז א פּראזאישער קאריקאטור. בכלל, קען נאר א גרויסער דיכטער דערקענען די פּאעזיע פון זיין אייגענער צייט; די פּאעזיע פון דער פארגאנגענהייט אנטפּלעקט זיך צו אונז א סך לייכטער, און איהר דערקענטעניש איז לייכטער איבערצוגעבען. דערפאר איז עס דעם הער שלעגעל געלונגען אין די אויגען פון המון, צו לויבען די דיכטונגען, אין וועלכע עס איז באגראבען די פארגאנגענהייט, אויף דעם חשבון פון די דיכטונגען אין וועלכע עס אָטעמט און לעבט אונזער מאדערנע געגענווארט. אבער דער טויט איז ניט פּאעטישער ווי דאס לעבען. די אלט־ענגלישע גע־דיכטען וואס פּוירסי האט געזאמעלט, גיבען איבער דעם גייסט פון זייער צייט, און בירגער'ס געדיכטען גיבען איבער דעם גייסט פון אונזער צייט. דעם דאזיגען גייסט האט דער הער שלעגעל ניט תופס געווען; ווארים ווען דאס וואלט ניט געווען דער פאל, וואלט ער די שלעכטע שטימונג, מיט וועלכער דער דאזיגער גייסט רייסט זיך צייטענווייז ארויס פון בירגער'ס געדיכטען, בשום אופן ניט געווען געהערט ווי א רויהען געשריי פון א ניט געבילדעטען מענ־שען, נאר גיכער ווי דעם געוואלטיגסטען יסורים־געשריי פון א טיי־טאן, וועמען די אריסטאקראטיע פון די האנאווער'שע יונקערס און שול־פעדאנטען פארמאטערען צום טויט. ווארים דאס איז איי־גענטליך געווען די לאגע פון דעם פּראפעסער פון „לענארע". און די לאגע פון א סך אנדערע געניאלע מענשען, וואס האבען צו־געבראכט א לעבען פון ארימע דאצענטען אין געטינגען, זענען דארטען אויסגעגאנגען און געשטארבען אין דחקות. ווי אזוי האט

דער פֿאַרנעהמער, און פֿון פֿאַרנעהמע הערען־באַשיצטער, רעגאָווער־טער, באַראָניזירטער, און באַבענדערטער ריטער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל, ווי אַזוי האָט ער געקענט באַגרײַפֿען יענע פּערזען, מיט וועלכע בירגער שרײַט אויס הויך אויף׳ן קול: אַז אַן עהרענמאַן דאַרף גיכער אויסגעהן פֿאַר הונגער, איידער אויסבעטלען אַ חסד בײַ די גרויסע!

דער נאָמען בירגער איז אין דײַטשען דאָסזעלביגע ווי דאָס וואָרט **citoyen.**

דער רוהם פֿון דעם הער שלעגעל איז נאָך פֿאַרגרעסערט געוואָרען מיט דעם אויפֿזעהן, וואָס ער האָט אַרויסגערופֿען אין פֿראַנקרײַך, ווען ער האָט אויך אַרונטערגעריסען די ליטעראַרישע אויטאָריטעטען פֿון די פֿראַנצויזען. מיר האָבען צוגעזעהן מיט אַ שטאָלצער פֿרייד ווי אונזער קאַמפּסלוסטיגער לאַנדסמאַן האָט געוויזען די פֿראַנצויזען, אַז זייער גאַנצע קלאַסישע קונסט איז גאָר ניט ווערט. אַז מאָליער איז געווען אַ קונצענמאַכער, אַז ראַסין טויג אויך צו גאָר ניט, אַז מען מוז פֿאַרקעהרט, אונז דײַטשען באַטראַכטען פֿאַר די קעניגע פֿון פּאַרנאַסוס. זײַן רעפֿריין איז אַלע מאָל געווען, אַז די פֿראַנצויזען זענען דאָס פּראָזאַישסטע פֿאָלק פֿון דער וועלט, און אַז אין פֿראַנקרײַך איז גאָר ניטאָ קיין פּאָעזיע. דאָס האָט דער מענש געזאָגט אין אַ צייט, ווען פֿאַר זײַנע אויגען האָבען זיך נאָך אַרומגעדרעהט לעבעדיגע, ניט איינער פֿון די רעדעלפֿירער פֿון דער קאָנווענציאָן, פֿון דער גרויסער טיטאַנען־טראַגעדיע; אין אַ צייט, ווען נאַפּאָלעאָן האָט יעדען טאָג אימפּראָוויזירט אַ גוטען עפּאָס; ווען פּאַריז האָט געשוויבעלט מיט העלדען, קעניגע און געטער... דער הער שלעגעל האָט דאָך פֿון דעם אַלעמען גאָר ניט געזעהן; ווען ער איז דאָ געווען, האָט ער נאָר זיך אַליין שטענדיג געזעהן אין שפּיגעל. און דערפֿאַר ווערט קלאָר, פֿאַרוואָס ער האָט אין פֿראַנקרײַך גאָר ניט געזעהן קיין פּאָעזיע.

אָבער דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל איז, ווי איך האָב שוין עטליכע מאָל געזאָגט, נאָר געווען בכח צו באַגרײַפֿען די פּאָעזיע פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט אָבער ניט פֿון דער געגענוואַרט. אַלץ וואָס איז מאָדערן לעבען האָט פֿאַר איהם געמוזט אויסזעהן פּראָ־

זאיש, און די פאעזיע פון פראנקרייך, דאס מוטערלאנד פון דער מאדערנער געזעלשאפט, איז פאר איהם געבליבען ניט צוגענגליך. ראסין האט געמוזט זיין דער ערשטער, וועמען ער האט ניט געקענט באגרייפען. ווארים אט דער גרויסער דיכטער שטעהט שוין ווי אן אנזאגער פון דער מאדערנער צייט, לעבען דעם גרויסען קעניג, מיט וועלכען די מאדערנע צייט הויבט זיך אן. ראסין איז געווען דער ערשטער מאדערנער דיכטער, פונקט אזוי ווי לודוויג דער פיערצעהנטער איז געווען דער ערשטער מאדערנער קעניג. אין קארנעיל אטעמט נאך דאס מיטעלאלטער. אין איהם, ווי אין דער פראנדע, האט נאך געכארכעלט דאס אלטע ריטערטום. מען רופט איהם דערפאר טיילמאל אויך ראמאנטיש. אין ראסין איז אבער דער מיטעלאלטערליכער ארט דענקען שוין אין גאנצען אויסגעלאשען; אין איהם האבען זיך אויפגעוועקט לויטער נייע געפיהלען; ער איז דער אויסדרוק פון דער נייער געזעלשאפט; אין זיין ברוסט האבען געשמעקט די ערשטע פיילעכלעך פון אונזער מאדערנעם לעבען; יא, נאך מעהר, מיר האבען אפילו אין איהר שוין געקענט זעהן ווי עס צובליהען זיך די ערשטע קנאספען, וועלכע האבען זיך ערשט שפעטער אזוי געוואלטיג צעוואקסען. ווער ווייס ווי פיעל טאטען עס האבען ארויסגעבליהט פון ראסינ׳ס פערזען! די פראנצויזישע העלדען וואס ליגען באגראבען ביי די פיראמידען, ביי מארענגא, ביי אויסטערליץ און ביי וואטערלא, זיי האבען אמאל אלע געהערט ראסינ׳ס פערזען, און זייער קייזער האט זיי געהערט פון טאלמא׳ס מויל. ווער ווייס וויפיעל רוהם פון דער וואנדאם זייל עס געהערט אייגענטליך צו ראסין. צי איירופידעס איז געווען א גרעסערער דיכטער ווי ראסין, דאס ווייס איך ניט. איך ווייס אבער, אז דער לעצטער איז געווען א קוואל פון ליעבע און עהרענגעפיהל, און מיט זיין געטראנק האט ער פאר׳שכור׳ט, ענטציקט און באגייסטערט א גאנץ פאלק. וואס פארלאנגט איהר מעהר פון א דיכטער? מיר זענען אלע מענשען. מיר געהען אלע אין קבר אריין און לאזען איבער אונזער ווארט אין גאט׳ס הארץ, דעם זאמעלפלאץ פון אלע דיכטערישע ווערטער, די היים פון יעדער הארמאניע.

וואלט זיך דער הער שלעגעל געווען באשרענקט דערמיט, וואס

ער זאָל באַהויפּטען, אַז די מיסיאָן פון דעם ראַסיני'שען וואָרט האָט אויסגעלעבט איהר צייט, און אַז די נייע צייט דאַרף האָבען אַנדערע דיכטער, וואָלטען זיינע אָנגריפען געהאַט אַ געוויסען גרונד. זיי זענען אָבער געווען גרונדלאָז, ווען ער האָט געוואָלט באַווייזען ראַסינ'ס שוואַכקייטען דורך פאַרגלייכונגען מיט אַנדערע דיכ־טער. ניט בלויז האָט ער ניט אָנגעהויבען צו וויסען פון דעם אונ־ענדליכען חן, דעם זיסען שפּאַס, דעם טיעפען רייץ, וועלכער ליגט דערין, ניט נאָר האָט ער ניט פאַרשטאַנען אַז ראַסין פאַרקליידט די נייע פראַנצויזישע העלדען אין אַלט־קלאַסישע קליידער, און צו דעם אינטערעס פון אַ מאָדערנער ליידענשאַפט האָט ער נאָך צוגע־מישט דאָס אינטערעסאַנטע פון אַ גייסטרייכער מאַסקעראַדע; דער הער שלעגעל איז נאָך געווען אויף אַזוי פיעל טעמפּ יענע פאַר־קליידונג אָנצונעמען פאַר דער אמת'ער מטבע, צו אורטיילען די גריכען פון ווערסייל לויט די גריכען פון אַטהען, און צו פאַר־גלייכען די פעדראַ פון ראַסין מיט דער פעדראַ פון איוריפּידעס! אַט די מאַניער צו מעסטען די געגענוואַרט מיט דער מאָס פון דער פאַרגאַנגענהייט, איז געווען אַזוי איינגעוואָרצעלט ביי שלעגעל'ן, אַז ער פלעגט אַלע מאָל שמייסען דעם רוקען פון אַ אינגערן דיכ־טער מיט דעם לאָרבערצווייג פון אַן עלטערן. און ווידער כּדי אַראָפּצורייסען איוריפּידעס'ן, האָט ער ניט געוואוסט פון עפּיס בעסערס, ווי איהם צו פאַרגלייכען מיט דעם עלטערן סאָפאָקלעס, אָדער גאָר מיט אַסכילוס'ן.

עס וואָלט מיך פאַרפיהרט צו ווייט, ווען איך זאָל דאָ ווענען ענטוויקלען ווי אַזוי דער הער שלעגעל, וועלענדיג אויף זיין מאַניער אַראָפּרייסען איוריפּידעס'ן, האָט זיך אַרויסגעוויזען אַזוי ניט עהרליך צו איהם, פּונקט ווי אַמאָל אַריסטאָפאַנעס. אַריסטאָפאַנעס האָט זיך אין דער הינזיכט געפונען אויף אַ שטאַנדפּונקט, וועלכער איז געווען זעהר עהנליך צו דעם שטאַנדפּונקט פון דער ראָמאַנ־טישער שולע; אין הינטערגרונד פ:ן זיין פּאָלעמיק ליגען עהנלי־כע געפיהלען און טענדענצען. און ווען מען רופט אָן דעם הער טיעק דער ראָמאַנטישער אַריסטאָפאַנעס, וואָלט מען אויך געקענט אָנרופען פּונ, דעם פּאַראָדיסט פון איוריפּידעס און סאָקראַטעס'ן

דער קלאסישער טיעק. ווארים פונקט אזוי ווי דער הער טיעק און די שלעגעלס, אליין ניט גלויביגע, האבען פונדעסטוועגען דאך באדויערט דעם אונטערגאנג פון קאטוליציזם; פונקט ווי זיי האבען די דאזיגע אמונה צוריק געוואלט אויפ־לעבען ביי די מאסען, פונקט ווי זיי האבען אין דער כונה פארשפאט און אויסגעלאכט די פראטעסטאנטישע ראציאנאליס־טען, די אויפקלעהרער, די אמת'ע ווי די פאלשע; פונקט ווי זיי האבען ארויסגעוויזען דעם צארניגסטען עקעל אקעגען די מענ־שען וואס האבען געפרעדיגט סאי אין דער ליטעראטור, סאי אין לעבען א בכבוד'ע באלעבאטישקייט; פונקט ווי זיי האבען אט די באלעבאטישקייט דערקלעהרט פאר א פיליסטערישע קליינ־ליכקייט, און האבען פארקעהרט כסדר געהאלטען אין איין ריהמען און לויבען דאס גרויסע העלדענלעבען פון מיטעלאלטער, — פונקט אזוי האט אויך אריסטאפאנעס, וועלכער האט אליין אפגעלאכט פון די געטער, דאך פיינט געהאט די פילאזאפען, וועלכע האבען צוגעגרייט דעם אונטערגאנג פון דעם גאנצען אלימפ; ער האט פיינט געהאט דעם ראציאנאליסטישען סאקראטעס, וועלכער האט געפרעדיגט א בעסערע מאראל; ער האט פיינט געהאט די דיכטער, וועלכע האבען אויף דעמזעלביגען אופן באזונגען א מאדערן! לע־בען, וואס האט זיך אונטערשיידט פון דעם פריהערדיגען גריכי־שען געטער־העלדען־און קעניגס־פעריאד, פונקט אזוי ווי אונזער איצטיגע צייט אונטערשיידט זיך פון דער מיטעלאלטערליכער פעאדאליסטישער צייט; ער האט פיינט געהאט איירופידעס'ן וועלכער איז שוין ניט געווען פאר'שכור'ט מעהר פון דעם גריכי־שען מיטעלאלטער ווי אסכילים און סאפאקלעס. נאר האט זיך שוין דערנעהנטערט צו דער בירגערליכער טראגעדיע. איך צוויי־פעל, צי האט דער הער שלעגעל אליין געוואוסט די אורזאך, פאר־וואס ער האט איירופידעס'ן אזוי ארונטערגעריסען, ווען ער האט איהם פארגלייכט מיט אסכילים און סאפאקלעס; איך גלויב, אז איהם האט געפיהרט אן אונבאוואוסטער געפיהל. אין דעם אלטען טראגיקער האט ער דערשמעקט דאס מאדערן דעמאקראטישע און פראטעסטאנטישע עלעמענט, וועלכעס איז שוין געווען אזוי פאר־

האסט ביי דעם ריטערליכען און אלימפיש־קאטוילישען אריסטא־פאנעס.

אפשר אבער ווייז איך ארויס דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל א ניט פארדיענטען כבוד, מיט דעם וואס איך מעסט איהם לויט זיינע סימפאטיען און אנטיפאטיען. עס איז מעגליך, אז ער האט גאר ביידע זאכען ניט געהאט. אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען א העלעניסט, און ערשט שפעטער איז ער געווארען א ראמאנטיקער. ער איז געווארען דער רעדעלפיהרער פון דער נייער שולע. אט די שולע האט מען צוגעשריעבען איהם און זיין ברודער, און ער אליין איז אפשר געווען דער יעניגער, וועלכער איז געווען צום ווינציגסטען ערענסט מיט דער שלעגעל'שער שולע. ער האט זי אונטערשטיצט מיט זיין טאלענט. ער האט זיך אריינגעלעבט אין איהר, און האט זיך מיט איהר געפרעהט אזוי לאנג ווי עס איז געגאנגען גוט. און ווען די שולע האט געהאט א שלעכטען סוף, האט ער זיך א נעם געטאן צו אן אנדער פאך.

און הגם די שולע איז אונטערגעגאנגען, האבען פון דעסטוועגען די אנשטרענגונגען פון דעם הער שלעגעל דאך געבראכט גוטע רעזולטאטען פאר אונזער ליטעראטור. ווארים ער האט געוויזען ווי מען קען באהאנדלען וויסענשאפטליכע ענינים אין א עלעגאנטער שפראך. פאר איהם האבען וועניג דייטשע געלערנטע געוואגט צו שרייבען א וויסענשאפטליך בוך אין א קלארען און אנציהענדען סטיל. מען האט געשריעבען א פארדרעהט, טרוקען דייטש, וועלכעס האט געשמעקט מיט חלב־ליכט און טאבאק. הער שלעגעל האט באלאנגט צו יענע וועניגע דייטשען, וואס רויכערן ניט קיין טאבאק. א גוטע מדה, וועלכע ער האט צו פארדאנקען דער געזעלשאפט פון פרוי פאן סטאהל. יענער דאמע האט ער בכלל צו פארדאנקען זיין אויסערליכע פאליטור, וועלכע ער האט געצוואונגען דייטשלאנד אזוי שטארק אפצושאצען. אין דער הינזיכט איז דער טויט פון פרוי פאן סטאהל געווען א גרויסער קלאפ פאר אט דעם דייטשען געלערנטען, וועלכער האט אין איהר סאלאן געהאט אזוי פיעל געלעגענהייטען זיך צו באקענען מיט די נייעסטע מאדען. און אלס איהר באלייטער אין אלע הויפטשטעדט פון אייראפא האט ער גע־

קענט זעהן די שענע וועלט, און אדאַפּטירען די שענסטע וועלט־זיר־טען. אַט אַזאַ פאַרהעלטעניש איז געוואָרען אַזאַ נויטווענדיקייט פאַר זיין לוסטיגען לעבען, אַז נאָך דעם טויט פון זיין עדעלער באַשיצערין איז ער געווען גרייט אַנצובאָטען זיך פאַר אַ באַלייטער צו דער באַריהמטער קאַטאַלאַני אויף איהרע רייזען.

ווי געזאָגט, איז דאָס אַריינפיהרען פון דער עלעגאַנץ איינע פון די גרעסטע פאַרדיענסטען פון דעם הער שלעגעל. און דורך איהם האַט אויך דאָס לעבען פון די דייטשע דיכטער באַקומען מעהר ציוויליזאַציאָן. געטהע איז שוין געווען אַ גוטער ביישפיעל, ווי אַזוי מען קען זיין אַ דייטשער דיכטער, און דאָך אַנהאַלטען דעם אויסערליכען שטאַט. אין די פריהערדיגע צייטען האָבען די דייטשע דיכטער פאַראַכט אַלע קאָנווענציאָנעלע פאָרמען. און דער נאָמען „דייטשער דיכטער“ אָדער גאָר דער נאָמען „פּאָעטיש זשעניע„ האָט געהאַט אַ זעהר ניט פרעהליכע באַדייטונג. פריהער איז אַ דייטשער דיכטער געווען אַ מענש, וואָס האָט פאַר אַ טהאַלער צוגעשטעלט געדיכטען צו ברית'ן און חתונות. און ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין צוטריט צו דער בעסערער געזעלשאַפט, האָט ער זיך דערהויבען דורך דעם טרונק. און אין די אָבענדען פלעגט ער זיך וואַלגערן אַ שכור'רעה אין רינשטאָק און פלעגט צערטליך געקושט ווערען פון לונא'ס געפיהלפולע שטראַהלען. אויף דער עלטער פלעגען זיי אריינפאַלען נאָך אין אַ גרעסער עלענד. און געווען איז דאָס אַן עלענד אָהן דאגות. אָדער ווען אייניציגע דאגה פלעגט זיין, ווי אַזוי מען קריגט דעם בעסטען שנאַפּס פאַר דעם קלענסטען פּרייז.

אַזוי האָב אויך איך זיך פאָרגעשטעלט אַ דייטשען דיכטער. ווי אַנגענעהם פאַרוואונדערט בין איך דערפאַר געווען אַרום 1819, ווען איך בין אַ גאַנץ יונגער מענש אַנגעקומען אין דער אוניווערזיטעט פון באָן און האָב דאָרט געהאַט די עהרע צו זעהן פנים אל פנים דעם פּאָעטישען זשעניע, דעם הער דיכטער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל. מיט אויסנאַם פון נאַפּאָלעאָן, איז ער געווען דער ערשטער גרויסער מענש, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט געהאַט געזעהן. און איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען דעם דאָזיגען ערהאַבענעם אַנבליק. נאָך היינט פיהל איך דעם הייליגען ציטער, וואָס איז

דורכגעלאָפּען דורך מיין נשמה, ווען איך בין געשטאַנען פאַר זיין קאַטעדער און איהם געהערט רעדען. איך האָב דאַמאָלט געטראָגען א ווייסען ראָק, א רויט היטעל, לאַנגע בלאָנדע האָר און גאָר קיין הענטשקעס ניט. דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האָט אָבער געטראָגען גליים הענדשקעס, און איז געווען געקליידט לויט דער לעצטער פּאַריזער מאָדע; ער איז געווען אין גאַנצען פּאַרפיומירט פון גוטער געזעלשאַפט, און **eau de mille fleurs**, ער איז געווען די ציערליכקייט און עלעגאַנץ גופא. און ווען ער האָט גערעדט פון דעם ענגלישען גרויסקאַנצלער, האָט ער צוגעגעבען „מיין פריינד“. און לעבען איהם איז געשטאַנען זיין דיענער, אויסגעפּוצט אין דעם אריסטאָקראַטישען שלעגעל׳שען ליוורע, און האָט אָפּגע־שנייצט די וואַקסענע ליכט, וואָס האָבען געברענט אין זילבערנע לייכטער, און זענען געשטאַנען לעבען דעם וואונדערמאַן אויף דעם קאַטעדער צוזאַמען מיט א גלאָז צוקערוואַסער. א דיענער אין ליוו־רע! וואַקסענע ליכט! זילבערנע לייכטער! מיין פריינד, דער גרויסקאַנצלער פון ענגלאַנד! גליים הענדשקעס! צוקערוואַסער! וואָס פאַר אונערהערטע זאַכען אין חבר׳שאַפט מיט א דייטשען פּראָפעסאָר! אָט דער גלאַנץ האָט אונז יונגע לייט ניט ווייניג פאַר־בלענדט, באַזונדערס מיך. און איך האָב דעמאָלט פאַר דעם הער שלעגעל פאַרפאַסט דריי אָדען, וואָס א יעדער פון זיי האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווערטער: א, דו, וואָס דו, א. אז. וו. אָבער נאָר אין דער פּאָעזיע האָב איך מיך געוואָגט אזא אריסטאָקראַטישען מענש צו דוצען. זיין אויסערליך אויסזעהן האָט איהם ווירקליך צוגעגעבען א געוויסע פאָרנעמקייט. אויף זיין דינעם קעפּעלע האָ־בען נאָך געגלאַנצט בלויז עטליכע זילבערנע הערעלעך, און זיין פי־גור איז געווען אזוי דין, אזוי אָפּגעצעהרט, אזוי דורכזיכטיג, אז עס האָט זיך געדאַכט ווי ער וואָלט געווען אין גאַנצען גייסט. ער האָט במעט אויסגעזעהן ווי א סימבאָל פון דעם ספּיריטואַליזם.

און טראָצדעם האָט ער דעמאָלט חתונה געהאַט. און ער, דער שעף פון די ראָמאַנטיקער, האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם קירכענראַט פּאַולוס פון הײדעלבערג, דעם שעף פון די דייטשע ראַציאָנאַליסטען. דאָס איז געווען א סימבאָלישע חתונה.

די ראָמאַנטיק האָט זיך אין דערזעלביגער צייט פאַרבונדען מיט דעם ראַציאָנאַליזם. די דאָזיגע פאַרבינדונג האָט אָבער ניט אַרויסגע־בראַכט קיין פּרוכטען. פאַרקעהרט, די צושיידונג צווישען דער ראָ־מאַנטיק און דעם ראַציאָנאַליזם איז דורך דעם געוואָרען נאָך גרע־סער. און גלייך צוזאַמענגעס נאָך דער חתונה־נאַכט איז דער ראַ־ציאָנאַליזם אַנטלאָפען צוריק אַהיים און האָט פון דער ראָמאַנטיק מעהר ניט געוואָלט וויסען, וואָרים דער ראַציאָנאַליזם, אַזוי ווי ער איז דאָך אַלע מאָל אַ שכל'דיגער, האָט ער ניט געוואָלט זיין פאַר־בונדען בלויז סימבאָליש, און אַזוי שנעל ווי ער האָט דערקענט די הילצערנע גישטיקיים פון דער ראָמאַנטישער קונסט, איז ער פון איהר אַנטלאָפען, איך ווייס, אַז איך רעד דאָ פאַרשטעלט, דערפאַר וועל איך מיך אויסדריקען אַזוי קלאָר ווי עס איז נאָר מעגליך:

טיפאַן, דער בייזער טיפאַן האָט פיינט געהאַט דעם אָזירים (וועלכער איז, ווי איהר ווייסט, אַן עגיפּטישער גאָט). און ווען ער האָט איהם געפּאַקט, האָט ער איהם צוריסען אויף שטיקער. איזיס, די אָרימע איזיס, אָזירים'ס ווייב, האָט צונויפגעקליבען די שטי־קער, האָט זיי צונויפגעשטיקעוועט און עס איז איהר געלונגען דעם צוריסענעם מאַן ווידער צוזאַמענצושטעלען אַ גאַנצען. אַ גאַנצען? אָך ניין. עס האָט איהם געפעהלט אַ הויפּט שטיק, וואָס די אָרימע איזיס האָט מעהר ניט געקענט געפינען. אָרימע איזיס! זי האָט זיך געמוזט צופריעדענשטעלען מיט אַ דערגענצונג פון האָלץ. אָבער האָלץ איז ניט מעהר ווי האָלץ. אָרימע איזיס! דערפון איז אין מצרים ענטשטאַנען אַ סקאַנדאַליעזער מיטהאָס, און אין היידעלבערג אַ מיסטישער סקאַנדאַל.

פון זינט דעמאָלט איז דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל אין גאַנצען נעלם געוואָרען. און מען האָט אַז איהם פאַרגעסען. איהם האָט געקרענקט וואָס ער איז אַזוי פאַרגעסען געוואָרען, און דאָס האָט איהם געטריבען נאָכאַמאָל צו קומען קיין בערלין, די אַמאָליגע הויפּטשטאָדט פון זיין ליטעראַרישען גלאַנץ, און ער האָט דאָרט ווידעראַמאָל געהאַלטען עטליכע פאָרלעזונגען איבער עסטע־טיק. ער האָט אָבער פאַר דער צייט גאָר ניט געלערנט קיין נייעס, און ער האָט דאָס מאָל גערעדט צו אַ פּובליקום, וועלכעס האָט פון

הענגעל'ן באקומען א פילאזאפיע פון דער קונסט, א וויסענשאפט פון דער עסטעטיק. האט מען פון איהם חוזק געמאכט און גע־קוועטשט מיט די פלייצעס. עס איז איהם דערגאנגען ווי אן אלטער קאמעדיאנטין, וואס נאך א צוואנציג יאהריגער אבוועזענהייט בא־טרעט זי ווידער די ביהנע, וואו זי האט אמאל געהאט אזא גרויסען ערפאלג, און באגרייפט ניט, פארוואס דאס פובליקום לאכט, אנ־שטאט וואס עס זאל אפלאדירען. דער מענש האט זיך שרעקליך געענדערט, און פיער לאנגע וואכען האט ער אמוזירט בערלין דורך דער אויסשטעלונג פון זיינע לעבערליכקייטען. ער איז פאר דער צייט געווארען אן אלטער נאר, וואס לאזט זיך אומעטום האלטען פאר א נאר. מען האט זיך וועגען דעם אנדערצעהלט די אונגלויב־ליכסטע זאכען.

דא אין פאריז האב איך געהאט די טרויעריגע געלעגענהייט דעם הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל נאכאמאל צו זעהן. ווירקליך פון דער דאזיגער פארענדערונג האב איך ניט געהאט קיין פארשטע־לונג, ביז איך האב זיך ניט איבערצייגט מיט מיינע אייגענע אוי־גען. דאס איז געווען מיט א יאהר צוריק, גלייך נאכדעם ווי איך בין אנגעקומען אין דער הויפטשטאדט. איך בין דעמאלט גראד גע־גאנגען אנקוקען דאס הויז וואו מאליער האט געוואוינט; וואריס איך פארעהר גרויסע דיכטער און מיט א רעליגיעזער אנדאכט זוך איך אומעטום די שפורען פון זייערע ערדישע מעשים. דאס איז א מין קולט. אויף מיין וועג, ניט ווייט פון יענעם געהייליגטען הויז, האב איך דערזעהן ג נפש, אין וועמענס פארוועלקטע צוגען, איך האב דערזעהן עפּים עהנליכעס מיט דעם אמאליגען אויגוסט וויל־העלם שלעגעל. מיר האט זיך געדאכט, אז דאס זעה איך זיין גייסט. עס איז אבער נאר געווען זיין גוף. דער גייסט איז טויט, און דער גוף דרעהט זיך נאך ארום ווי א מת אויף דער ערד, און ער איז פאר דער צייט געווארען זעהר פעט; אויף די דינע ספּיריטואליס־טישע פיס איז ווידער אנגעוואקסען פלייש; אפילו א בויך האט מען געקענט זעהן. און אויבען איבער דעם בויך האבען געהאנגען א מאסע בענדער מיט ארדענס. דאס אמאליגע גרייז־גרויע קעפּיל, וואס איז געווען אזוי דין, האט איצטער געטראגען א גאלד געלען

פארוק. אנגעטאן איז ער געווען לויט דער נייעסטער מאדע פון יע־
נעם יאהר, אין וועלכען פרוי פאן סטאהל איז געשטארבען. דערביי
האט ער געשמייכעלט אזוי פארעלטערט זיס, ווי א באיאהרטע דא־
מע, וואס האלט אין מויל א שטיקעל צוקער, און באוועגט זיך אזוי
יוגענדליך ווי א קאקעט קינד. מיט איהם איז ווירקליך פארגעקומען
א מאדנע פאריונגונג; עס האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט דער־
לעבט א קאמישע צווייטע אויפלאגע פון זיין יוגענד; עס האט זיך
געדאכט, אז ער האט אויפ'ס ניי זיך צובליהט. און וועגען דער
רויטקייט פון זיינע באקען, האב איך זאגאר א פארדאכט, אז דאס
איז ניט געווען קיין שמינקע, נאר א געזונדע איראניע פון דער
נאטור.

אין יענעם אויגענבליק האט זיך מיר געדאכט, ווי איך וואלט
געזעהן דעם פארשטארבענעם מאליער שטעהן ביים פענסטער, און
ווי ער וואלט צו מיר אראפגעשמייכעלט, אנווייזענדיג אויף יענער
מעלאנכאליש־הייטערער ערשיינונג. מיט איינמאל זענען פאר מיר
קלאר געווארען זיינע אלע לעבערליכקייטען; איך האב באגריפען
די גאנצע טיעפקייט פון דעם שפאס, וואס ליגט דערין; איך האב
איינגאנצען באגריפען דעם קאמישען כאראקטער פון יענעם פא־
בעלהאפט לעבערליכען פארשוין, וועלכער האט ליידער ניט געפו־
נען קיין גרויסען קאמיקער, וואס זאל איהם ווי געהעריג קענען
באנוצען פאר דער ביהנע. נאר מאליער אליין וואלט געקענט זיין
דער, וועלכער וואלט געקענט אט דעם מאן בעארבייטען פאר דער
ביהנע. נאר ער אליין האט געהאט דעם נויטיגען טאלענט דערצו:
און דאס האט דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל פאראויסגעזעהן
נאך פריהער, און ער האט פיינט געהאט מאליער'ן צוליעב דער זעל־
ביגער אורזאך, וואס נאפאלעאן האט געהאסט דעם טאציטוס. פונקט
אזוי ווי נאפאלעאן באנאפארטע, דער פראנצויזישער צעזאר האט
גוט געפיהלט, אז דער רעפובליקאנישער היסטאריקער וואלט איהם
ניט געווען געשילדערט מיט קיין ראזאווע פארבען, אזוי האט אויך
דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל געפיהלט פאראויס, אז ווען
מאליער, דער גרויסער קאמיקער וואלט איצטער געלעבט, וואלט
ער פון איהם קיינמאל זיך ניט געקענט ארויסדרעהן. נאפאלע־

אז האט געזאגט וועגן טאציטוס, אז ער איז געווען דער פארלוים־דער פון טיבעריוס, און דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האט געזאגט וועגן מאליער, אז ער איז ניט געווען קיין דיכטער, נאר א קאריקאטור מאכער.

דער הער אויגוסט ווילהעלם שלעגעל האט באלד דארויף פאר־לאזען פאריז, נאכדעם ווי ער איז פריהער פון זיין מאיעסטעט, לודוויג פיליפ דעם ערשטען, דעם קעניג פון די פראנצויזען דעקא־רירט געווארען מיט דעם ארדען פון דעם עהרענלעגיאן. דער כראָ־ניקער האט ביז איצטער נאך פארפעהלט דאס דאזיגע געשעהעניש צו באשרייבען ווי עס דארף צו זיין. אבער טהאליא, די מוזע פון דער קאמעדיע, האט עס שנעל פארצייכענט אין איהר לאבענדיגען נאטיצענבוך.

## 2.

נאך די שלעגעל׳ס איז דער הער לודוויג טיעק געווען איינער פון די טעטיגסטע שריפטשטעלער פון דער ראמאנטישע שולע. פאר איהר האט ער געקעמפט און געדיכטעט. ער איז געווען א פאעט. א נאמען וואס קיין איינציגער פון די שלעגעלס פארדיענט איהם נים. ער איז געווען דער אמת׳ער זוהן פון פעבוס אפאלא. און, פונקט אזוי ווי זיין אייביג יונגער פאטער, האט ער נים נאר געהאט צו טאן מיט דער לירע, נאר אויך מיט דעם בויגען און מיט דער כלי, וואס איז פול מיט קלינגענדיגע פיילען. ער איז געווען שכור פון לירישער ליידענשאפט און קריטישער גרויזאמקייט ווי דער דעלפישער גאט, און ווען ער האט גלייך ווי יענער געהאט אהן רחמנות אפגעשונדען וועלכען נים איז ליטעראַרישען מארזיאס, האט ער זיך דאן מיט פארבלוטיגטע פינגער ווידער א נעם געטאן צו די גאלדענע סטרונעס פון זיין לירע. און האט געזונגען א פרעהליך מינעגליעד.

די פאעטישע פאלעמיק, וואס דער הער טיעק האט געפיהרט אין א דראמאטישער פארם אקעגען די געגנער פון דער שולע, געהערט צו די אויסערגעוועהנליכסטע ערשיינונגען פון אונזער ליטעראטור. דאס זענען סאטירישע דראמען, וואס מען פארגלייכט געוועהנליך מיט די קאמעדיען פון אריסטאפאנעס. זיי אונטערשיידען זיך אבער פונקט אזוי ווי עס אונטערשיידען זיך די טראגעדיען פון סאפאקלעס פון שעקספיער׳ס טראגעדיען. ווארים פונקט אזוי ווי די אנטיקע קאמעדיע האט געהאט אין גאנצען דעם איינהייטליכען צושניט, דעם שטרענגען גאנג און די ציערליכסטע אויסגעבילדעטע מעטרישע שפראך פון דער אנטיקער טראגעדיע, אזוי אז זי האט געקענט גילטען אלס א פאראדיע פון יענער, פונקט אזוי

זענען די דראַמאַטישע טראַגעדיען פון דעם הער טיעק אין גאַנצען אַזוי אויסטערליש צוגעשניטען, אַזוי אין גאַנצען ענגליש ניט רעד־געלמעסיג און אַזוי מעטריש ווילקירליך, ווי די טראַגעדיען פון שעקספּיער. איז די דאַזיגע פאָרם געווען דעם הער טיק'ס אַ נייע פאָרם? ביין, זי האָט שוין געהאַט עקזיסטירט צווישען פאָלק. נעמליך, צווישען פאָלק אין איטאַליען. ווער עס פאַרשטעהט איטאַליעניש, דער קען זיך מאַכען אַ גוטען באַגריף פון יענע טיעק'עשע דראַמען, ווען ער זאָל אין די פּיעל־פאַרביג ביזאַרע, ווענעציאַניש־פאַנטאַסטישע מערכען־קאָמעדיען פון גאָצי אריינ'חלומ'ען אביסעל דייטשען לבנה־שיין. אפילו די מייסטע פון זיינע מאַסקען, האָט דער הער טיעק אויך אנטליהען ביי יענעם לוסטיגען קינד פון די לאַגונען. אויף איהם קוקענדיג האָבען אַ סך דייטשע דיכטער זיך אויך גענומען צו דער פאָרם און מיר האָבען באַקומען קאָמעדיען, וועמענס קאָמישע ווירקונג ווערט ניט אַרויסגעבראַכט דורך אַ קאַפּריזנעם כאַראַקטער אָדער דורך אַ שפּאַסהאַפטער אינטריגע, נאָר וועלכע פאַרזעצען אונז גלייך אין אַ קאָמישע וועלט, אין אַ וועלט, וואו די חיות רעד־דען און האַנדלען ווי מענשען, און וואו אַ צופאַל אָדער ווילקיר האָ־בען פאַרנומען דעם פּלאַץ פון דעם נאַטירליכען גאַנג פון די זאַכען. דאָס געפינען מיר אויך ביי אַריסטאָפאַנעס'ען. דער חילוק איז נאָר וואָס אַריסטאָפאַנעס האָט אויסגעקליבען די פאָרם, כדי צו אנטפּלעקען פאַר אונז זיין טיעפזיניגע וועלטאַנשויאונג, ווי למשל אין די „פייגעל", וואו עס ווערט פאַרגעשטעלט די משוגעת'ן פון די מענשען, זייער שטרעבען צו בויען די הערליכסטע שלעסער אין דער לופט, זייער טראָץ געגען די אייביגע געטער, זייער איינגע־רעדטע פרייד פון נצחון. דערפאַר טאַקי איז אַריסטאָפאַנעס אַזוי גרויס, ווייל זיין וועלטאַנשויאונג איז געווען אַ גרויסע, ווייל זי איז געווען גרעסער, יאָ, טראַגישער, ווי די וועלטאַנשויאונג פון די טראַ־גיקער גופא, ווייל זיינע קאָמעדיען זענען ווירקליך געווען „לאַ־בענדיגע טראַגעדיען." אַזוי למשל זעהען מיר, אז פּאַיסטעטעראָס ווערט ניט ביים סוף פון שטיק פאַרגעשטעלט — ווי דאָס וואָלט געטאָן אַ מאָדערנער דיכטער — אין זיין לעבערליכער נישטיקייט, נאָר פאַרקעהרט, ער קריגט גאָר די באַסילעאַ, די שענע, וואונדערליכע

באַסילעאַ, שטייגט אַרויף מיט אַ דעם הימלישען ווייב אין זיין לופטשטאָדט; די געטער זענען געצוואונגען צו טאָן זיין רצון; די נאַרישקייט פייערט איהר חתונה מיט דער מאַכט, און דאָס שטיק ענדיגט זיך מיט יובעלענדע הימענעען. איז דען פאַר דעם שכל'דיגען מענשען פאַראַן עפּיס מעהר טראַגישעס, ווי אָט דער זיעג פון דער נאַרישקייט! אַזוי הויך האָבען אָבער אונזערע דייטשע אַריסטאָפאַנעס'עם ניט דערגרייכט; זיי האָבען זיך צוריקגעהאַלטען פון יעדער וועלטאַנשויאונג. ווענען די צוויי וויכטיגסטע פּראָבלעמען פון די מענשען: דאָס פּאָליטישע און דאָס רעליגיעזע, האָבען זיי געשוויגען מיט גרויס באַשיידענהייט; און זיי האָבען זיך נאָך געוואָגט צו באַהאַנדלען דאָס טעמא, וואָס אַריסטאָפאַנעס האָט באַהאַנדעלט אין „די פרעש"; אלס דעם הויפּט געגענשטאַנד פון זייער דראַמאַטישער סאַטירע, האָבען זיי אויסגעקליבען דאָס טהעאַטער גופא, און זיי האָבען סאַטיריזירט מיט מעהר אָדער ווייניגער קאַפּריז די חסרונות פון אונזער ביהנע.

מען מוז אָבער אויך נעמען אין אַנבעטראַכט דעם פּאָליטישען ניט פרייען צושטאַנד פון דייטשלאַנד. אונזערע וויצלינגען קענען זיך ניט אָפּגעבען מיט אונזערע אמת'ע פירשטען, און דערפאַר מוזען זיי זיך באַשרענקען אויף די טעאַטערקעניגע און קוליסען־פּרינצען. מיר, וואָס מיר האָבען כמעט גאָר ניט פאַרמאָגט קיין רעזאָנירענדע פּאָליטישע זשורנאַלען, זענען דערפאַר געוועזען מעהר געבענשט מיט אַ גרויסער צאָל עסטעטישע בלעטער, וואָס האָבען ניט ענטהאַלטען מעהר ווי מעשה'לעך און טעאַטער־קריטיקען. אַזוי, אַז ווען עמיצער האָט געזעהן אונזערע בלעטער, האָט ער שיער געמוזט גלויבען, אַז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק באַשטעהט פון סאַמע פּלאַפּלענדיגע ניאַנקעס און טעאַטער־רעצענזענטען. דאָס וואָלט אָבער געווען אַן אומרעכט געגען אונז. ווי ווייניג עס איז געווען גענוג פאַר אונז אַזאַ געשרייבעכץ, דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָך דער יולי רעוואָלוציאָן, ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז מען קען שוין רעדען אַ פריי וואָרט אויך אין אונזער טייערען פאָטערלאַנד. דעמאָלט האָבען זיך פּלוצלונג באַוויזען בלעטער, וועלכע האָבען רעצענזירט דאָס גוטע אָדער שלעכטע שפּיעלען פון די ווירקליכע

קעניגע. און אַ טײל פֿון זײ, װעלכע האָבן פֿאַרגעסן זײערע ראָ־לעס, זענען אױסגעפּײפֿט געװאָרען אין זײערע אײגענע הױפּט־שטעדט. אונזערע ליטעראַרישע שעבעראַזאַדען, װאָס פֿלעגען דאָס פּובליקום, דעם אומגעלומפּערטען סולטאַן אײנשלעפֿערן מיט זײע־רע קלײנע נאָװעלען, האָבן איצטער געמוזט פֿאַרשטומען, און די קאָמעדיאַנטען האָבן מיט פֿאַרװאונדערונג געמוזט צוקוקען װי לײ־דיג עס איז געװען דער פּאַרטער, װען זײ האָבן געשפּיעלט אפילו װי געטליך. און װי אפילו דער זיצפּלאַץ פֿון דעם שטאָדט־קריטי־קער איז אָפֿט געבליבען ניט באַזעצט. פֿריהער פֿלעגען זיך די גוטע ברעטער העלדען אַלע מאָל באַקלאָגען, פֿאַרװאָס מען רעדט אין דער עפֿענטליכקײט פֿון זײ און נאָר פֿון זײ. און אַז אפילו זײערע הײ־מישע טוגענדען װערען אױפֿגעדעקט אין די צײטונגען. װי האָבען זײ זיך אָבער דערשראָקען, װען עס האָט זיך גענומען אױסדאַכ־טען, אַז צום סוף װעט מען פֿון זײ גאָר ניט רעדען!

און װירקליך. װען עס האָט אין דײטשלאַנד אױסגעבראָכען די רעװאָלוציאָן, האָט גענומען אַ סוף צום טעאַטער און צו דער טעאַטער־קריטיק. און די דערשראָקענע נאָװעלענדיכטער, קאָמע־דיאַנטען און טהעאַטער־רעצענדענטען האָבען מיט רעכט זיך גע־שראָקען: „אַז די קונסט געהט אונטער“. אָבער דאָס שרעקליכע איז פֿון אונזער פֿאַטערלאַנד גליקליך אױסגעמידען געװאָרען דורך דער חכמה און דורך דער גבורה פֿון דעם פֿראַנקפֿורטער בונדעס־טאַג; קײן רעװאָלוציאָן װעט האָפֿענטליך אין דײטשלאַנד ניט אױסברעכען, פֿאַר דער גילאָטינע און אַלע שרעקענישען פֿון פּרעס־פֿרײהײט זענען מיר פֿאַרהיט, אפילו די דעפּוטירטענקאַמערן, װע־מענס קאָנקורענץ עס האָט אַזױ פֿיעל געשאַדט די פֿריהערדיגע קאָנצעסיאָנירטע טעאַטערס, װערען אָפּגעשאַפֿט, און די קונסט איז געראַטעװעט. פֿאַר דער קונסט װערט איצטער אין דײטשלאַנד געטאָן אַלץ װאָס איז נאָר מעגליך. באַזונדערס אין פּרײסען. די מו־זעען שטראַהלען אין זינרײכע פֿאַרבען, די אָרקעסטערס רױשען, די טענצערינס שפּרינגען זײערע זיסטע ענטרעשאַ׳ס. דאָס פּובלי־קום קװיקט זיך מיט טױזענד און אײנע נאָװעלען. און עס בליהט װידער די טעאַטער־קריטיק.

יוסטין דערצעהלט אין זיינע געשיכטען: זוען סירום האט איינגעשטילט דעם אויפשטאנד פון די לידיער, האט ער פארשטאַר־נען איינצוצאַמען דעם רעוואָלטירענדען, צו פרייהייט שטרעבענ־דיגען גייסט, נאָר דורך דעם, וואס ער האט די לידיער באַפוילען זיך אָפּצוגעבען צו די שענע קונסטען און עהנליכע לוסטיגע זאַכען. פון א לידישען אויפשטאַנד איז זינט דעמאָלט מעהר קיין רייד ניט געווען. דערפאר זענען אָבער געוואָרען באריהמטער די לידישע רעסטאָראַנען, מעקלער און ארטיסטען.

מיר האָבען איצטער רוה אין דייטשלאַנד. די טעאַטער קריטיק און די נאָוועלע ווערט ווידער די הויפטזאַך. און אזוי ווי דער הער טיעק האט זיך אויסגעצייכענט אין אט דיביידע זאַכען, דערפאַר רופט ער ארוים באוואונדערונג ביי אלע פריינד פון דער קונסט. ער איז ווירקליך דער בעסטער נאָוועליסט אין דייטשלאַנד. און דאָך האָבען זיינע דערצעהלענדע שאפונגען ניט אלע דעם זעלביגען ווערט, און ניט אלע זענען זיי פון דעם זעלביגען מין. פונקט אזוי ווי ביי די מאהלער קען מען אויך ביי דעם הער טיעק אונטערשייד־דען פארשיעדענע מאַניערען. זיין ערשטע מאַניער האט נאָך אין גאַנצען באלאַנגט צו דער אַלטער שולע. דעמאָלט האט ער נאָר גע־שריבען אויף דעם פארלאַנג און באַשטעלונג פון א בוכהענדלער, וועלכער איז טאַקי ניט געווען קיין אַנדערער ווי דער פערשטאָר־בענער נאַקאַלאַי אליין. וועלכער איז געווען דער גרעסטער פאר־קעמפער פון דער אויפקלערונג און הומאַניטעט, דער גרויסער פיינד פון אַבערגלויבען, מיסטיציזם און דער ראָמאַנטיק. ניקאַלאַי איז געווען א שלעכטער שריפטשטעלער, א פּראָזאישער פּארוק, און מיט זיין דערשמעקען יעזואיטען, האט ער זיך אָפּט געמאַכט זעהר לעַ־כערליך. אָבער מיר, פון דעם שפּעטערדיגען דור, מיר מוזען דאָך צוגעבען, אז דער אַלטער ניקאַלאַי איז געווען אן אמת עהרליכער מענש, וואס האט געמיינט צו טאָן גוטס דעם דייטשען פאָלק, און וועלכער האט אויס ליעבע פאַר דער הייליגער זאַך, זיך אפילו ניט געשראָקען פאַר דעם ערגסטען מארטירערטום, פאַר דעם ווערען לעכערליך. ווי מען האט מיר דערצעהלט אין בערלין, האט טיעק געוואוינט אין ניקאַלאַי'ס הויז. ער האט געוואוינט מיט אן עטאַזש

העכער ווי ניקאָלאַי, און די נייע צייט האָט שוין געטראָמפּעלט אויפ׳ן קאָפּ פון דער אַלטער צייט.

די ווערק וואָס דער הער טיעק האָט געשריבען אין זיין ערש־טער מאַניער, מייסטענס ערצעהלונגען און לענגערע ראָמאַנען, פון וועלכע דער ראָמאַן „וויליאַם לאָוועל" איז דער בעסטער, זענען זעהר אומבאַדייטענד. יאַ, אַפּילו אָהן פּאָעזיע. עס מאַכט דעם איינ־דרוק ווי אַט די פּאָעטיש רייכע נאַטור, איז אין דער יוגענד געווען זעהר קאַרג, און האָט באַהאַלטען אַלע איהרע גייסטיגע אוצרות פאַר אַ שפּעטערדיגער צייט. אָדער האָט אפשר טיעק אַליין ניט געוואוסט וואָס פאַר אוצרות עס שטעקען אין זיין ברוסט, און די שלעגעלס האָבען זיי ערשט געמוזט ענטדעקען מיט זייער צויבער־שטעקעלע? אַזוי שנעל ווי דער הער טיעק איז געקומען אין באַ־ריהרונג מיט די שלעגעלס, האָבען זיך געעפענט אַלע אוצרות פון זיין פאַנטאַזיע, פון זיין געמיט, און פון זיין וויץ. דאָ האָבען אָנ־געהויבען צו לייכטען די דימענטען, און עס האָבען געגלימערצט די פּעריל, און פאַר אַלעמען האָט געבליצט דער גאַרפינקעל, יענער לעגענדאַרישער עדעלשטיין, פון וועלכען די ראָמאַנטישע פּאָעטען האָבען דעמאָלט אַזוי פיעל גערעדט און געזונגען. אָט די רייכע ברוסט איז געווען די אמת׳ע שאַצקאַמער, פון וואַנען די שלעג־געלס האָבען געשעפּט קריגסקאָסטען פאַר זייערע ליטעראַרישע מלחמות. דער הער טיעק האָט געמוזט שרייבען פאַר דער שולע די שוין דערמאָנטע סאַטירישע קאָמעדיען, און אין דערזעלביגער צייט צושטעלען אַ מאַסע פּאָעזיען פון יעדען מין לויט די נייעסטע עסטעטישע רעצעפּטען. דאָס איז די צווייטע מאַניער פון דעם הער לודוויג טיעק. זיינע בעסטע דראַמאַטישע שאַפונגען פון אָט דער מאַניער זענען „דער קייזער אָקטאַוויאַן", „די הייליגע זשענאָפעוואַ" און דער „הער פאָרטונאַט". דריי דראַמען, וועלכע זיינען נאָכגע־דיכטעט געוואָרען נאָך פאָלקסביכער מיט דיזעלביגע נעמען. די אַלטע זאַגען, וואָס דאָס דייטשע פאָלק באַהאַלט נאָך, האָט דאָ דער דיכ־טער אָנגעטאָן אין נייע טייערע מלבושים. אָבער דעם אמת זאָגענ־דיג, האָב איך זיי ליעבער אין דער אַלטער, נאַיווער, אין געטריי־האַרציגער פאָרם. און ווי שען די טיעק׳עשע זשענאָפעוואַ זאָל ניט

זיין, האָב איך דאָך אַ סך ליעבער דאָס אַלטע, אין קעלן ביים רהיין שלעכט געדרוקטע, פאָלקס־בוך, מיט זיינע שלעכטע האָלצ־שניטען, אויף וועלכע מען קען אבער זעהן ווי וריהרענד עס איז פאָרגעשטעלט די אָרימע, נאַקעטע פפלאצגרעפין, וועלכע קען אין איהר צניעות׳דיגקייט זיך נאָר צודעקען מיט איהרע לאַנגע האָר, און לאָזט איהר קליינעם זוהן זויגען ביי אַ מיטליידיגער סארנע.

פיעל טייערער נאָך ווי זיינע דראַמען זענען די נאָוועלען, וואָס דער הער טיעק האָט געשריבען אין זיין צווייטען מאַניער. אויך זיי זענען צום מייסטענס נאָכגעדיכטעט געוואָרען די אַלטע פאָלקס־לעגענדען. די בעסטע צווישען זיי זענען: „דער בלאָנדער עקבערט," און „דער רינעבארג". אין די דאָזיגע דיכטונגען הערשט אַ גע־הייםניספולע הארציקייט, אַ זאָנדערבארע פארשטענדעניש מיט דער נאַטור, באזונדערם מיט די פלאַנצען און שטיינער. דער לעזער פיהלט זיך דאָ ווי אין אַ פאר׳כשופ׳טען וואלד; ער הערט ווי ס רוישען מעלאָדיש די אונטערערדישע קוואלען; טיילמאָל דאכט זיך איהם, אז פון דעם שושקען פון די בוימער הערט ער רופען זיין איי־גענעם נאָמען; די ברייטבלעטערדיגע נעץ־פלאַנצען פארשטריקען טיילמאָל מורא׳דיג זיינע פיס; ווילדפרעמדע וואונדערבלומען קו־קען איהם אָן מיט זייערע פיעלפאַרביגע, פארבענקטע אויגען; אונ־זיכטבארע ליפען קושען זיינע באקען מיט לאשצענדיגע צערטליכ־קייטען; הויכע שוואָמען, ווי גאָלדענע גלאָקען, וואקסען קלינגענדיג ארום ביים קאָרען פון די בוימער; גרויסע, שווייגענדיגע פייגעל וויגען זיך אויף די צווייגען, און שאָקלען אראָפ מיט זייערע קלוגע, לאַנגע שנאָבלען; אַלץ אָטעמט, אַלץ האָרכט, אַלץ ציטערט פול מיט ערוואָרטונג; — דאָ דערהערט זיך פלוצלינג דער ווייכער וואלד־האָרן, און אויף אַ ווייסען פערד יאָגט זיך ארום אַ שענע פרוי, מיט וועהענדיגע פעדערן אויף דעם הוט און מיט אַ פאַלקאָן אויף דער האַנד. און אָט דאָס שענע מיידעל איז אַזוי שען, אַזוי בלאָנד, מיט אַזעלכע פיילכען־אויגען, מיט אַזאַ שמייכעלע און אין דערזעל־ביגער צייט אַזוי ערענסט, אַזוי אמת, און אין דערזעלביגער צייט אַזוי איראָניש, אַזוי צניעות׳דיג און אין דערזעלביגער צייט אַזוי שמאַכטענדיג ווי די פאַנטאַזיע פון אונזער אויסגעצייכענטען לוד־

וויג טיעק. יאָ, זיין פאַנטאַזיע איז אַ חנ'עוודיג ריטער־מיידעל, וואָס יאָגט זיך אין דעם צויבערוואַלד נאָך לעגענדאַרישע חיות, אפשר גאָר נאָך דער זעלטענער וועוורקע, וואָס לאָזט זיך כאַפּען נאָר פון אַ ריינער בתולה.

איצטער אָבער איז מיט דעם הער טיעק געשעהן אַ מערקוויר־דיגע פאַרענדערונג, און אַט די פאַרענדערונג זעהט זיך אַרויס אין זיין דריטער מאַניער. נאָך דעם פאַל פון די שלעגעלס האָט ער אַ לאַנגע צייט געשוויגען, אָבער פּלוצלינג האָט ער זיך ווידער באַ־וויזען אין דער עפענטליכקייט, און דאָס אויף אַן אופן, וואָס מען האָט צום ווינציגסטען געקענט ערוואַרטען פון איהם. דער אַמאָלי־גער ענטוזיאַסט, וועלכער האָט זיך אַמאָל אַריינגעוואָרפען אין דעם שויס פון דער קאַטוילישער קירך מיט אַ פאַנאַטישער איבערגע־בענהייט, דער ענטוזיאַסט, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי שטאַרק באַקעמפט די אויפקלעהרונג און דעם פּראָטעסטאַנטיזם, וועלכער האָט נאָר געאָטעמט מיט'ן מיטעלאַלטער, דעם פעאָדאַליסטישען מי־טעלאַלטער, וועלכער האָט נאָר ליעב געהאַט די קונסט פון נאַיווע הערצער, אַט דער זעלביגער ענטוזיאַסט האָט איצטער אויפגעטראָ־טען אַלס געגנער פון דער שווערמעריי, אַלס פאַרשטעלער פון דעם מאָדערנסטען בירגערליכען לעבען, אַלס קינסטלער, וועלכער פאָ־דערט פון דער קונסט דעם קלאָרסטען זעלבסטבאַוואוסטזיין. קורץ אַלס אַ פאַרנונפטיגער מענש. אַזאַ זעהען מיר איהם אין אַ רייה נייע נאָוועלען, וואָס עטליכע פון זיי זענען אויך באַקאַנט געוואָרען אין פראַנקרייך. און דאָ זעהט זיך אָן בולט דער איינפלוס פון געטהע. אין זיין דריטער מאַניער איז דער הער טיעק בכלל אַ געטרייער תלמיד פון געטהע. דיזעלביגע אַרטיסטישע קלאָרקייט, דיזעלביגע הייטערקייט, רוה און איראָניע, און אויב פריהער איז דער שלע־געל'שער שולע ניט געלונגען צוציהען געטהע'ן צו זיך, זעהען מיר איצטער אָבער ווי די דאָזיגע שולע, רעפּרעזענטירט דורך דעם הער לודוויג טיעק, איז איבערגעגאַנגען צו געטהע'ן. דאָס דערמאָנט אַן אַ מאַכמאַדאַנישער לעגענדע. דער נביא מאַכאַמעד האָט געזאָגט צום באַרג: „באַרג קום צו מיר!" אָבער דער באַרג איז ניט געקו־

מען. און זעה! איז געשעהן אַ גרעסערער נס, דער נביא איז גע־גאַנגען צום באַרג.

דער הער טיעק איז געבוירען געוואָרען אין בערלין, דעם 31טען מאַי, 1773. מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָט ער זיך באַזעצט אין דרעזדען, וואו ער באַשעפטיגט זיך מייסטענטיילס מיט טעאַ־טער, און ער, וואָס פלעגט אין זיינע פריהערדיגע שריפטען שטענ־דיג פאַרשטעלען די הויפראַטען אלס דעם טיפּ פון לעכערליכקייט, ער איז איצטער אַליין געוואָרען אַ קעניגליכער זאַקסישער הויפ־ראַט. דער ליעבער גאָט איז נאָך אַלץ אַ גרעסערער איראָניקער ווי דער הער טיעק.

איצטער הערשט עפּיס אַ מאָדנע שלעכט לעבען צווישען דעם פאַרשטאַנד און דער פאַנטאַזיע פון אָט דעם שריפטשטעלער. ער, דער טיעק'שער פאַרשטאַנד, איז אַ פּשוט'ער ניכטערנער פיליס־טער, וואָס האַלט פון דעם נוצליכקייט־סיסטעם און וויל גאָר ניט וויסען פון קיין שווערמעריי; זי אָבער, די טיעק'שע פאַנטאַזיע, איז נאָך אַלץ די ריטערליכע דאַמע מיט די וועהענדע פעדערן אויף איהר הוט און מיט דעם פאַלקאָן אויף דער האַנד. אָט די ביידע פיהרען צווישען זיך אַ שלעכט לעבען, און טיילמאָל ווערט טרויעריג אַ קוק צו טאָן, ווי אָט די אָרימע הויך אַדעליגע דאַמע, מוז דעם טרוקענעם באַלעבאָס אַרויסהעלפען אין זיין ווירטשאַפט אָדער גאָר אין זיין קעז־קראָם. טיילמאָל אָבער ביי נאַכט, ווען דער מאַן איה־רער שנאָרכט זיך רוהיג מיט דער וואָלענער שלאָפמיץ אויפ'ן קאָפּ, הויבט זיך די אַדעליגע דאַמע אויף פון בעט, זעצט זיך אויף איהר ווייסען פערד און יאָגט זיך ווידער לוסטיג ווי אַמאָל אין דעם ראָמאַנטישען צויבערוואַלד.

איך מוז דאָ באַמערקען, אַז דער טיעק'שער פאַרשטאַנד איז אין זיינע גאָר לעצטע נאָוועלען געוואָרען נאָך געלאַסענער, און אַז אין דערזעלביגער צייט פאַרליערט זיין פאַנטאַזיע אַלץ מעהר און מעהר פון איהר ראָמאַנטישער נאַטור. און אין קיהלע נעכט, בלייבט זי זאָגאַר ליגען מיט אַ גענעצדיגער צופריעדענקייט אין דעם חתונה־בעט, און רוקט זיך צו צו איהר דאַרען מאַן כמעט מיט ליעבע.

דער הער טיעק איז פון דעסטוועגען נאָך אַלץ אַ גרויסער דיכ־

טער. װאָרים ער קען באַשאַפן געשטאַלטן. און פון זײַן האַרצן רײַסן זיך װערטער, װאָס ריהרן אונזערע הערצער. אין איהם פיהלט זיך אָבער אַ געװיסער ציטער, עפּיס אונבאַשטימטעס, אונ־זיכערעס, אַ געװיסע שװעכליכקײט, און דאָס איז ניט פון הײנט, נאָר איז געװען בײַ איהם קענטיג אַלע מאָל. אַט דער דאָזיגער מאַנגעל אין ענטשלאָסענער קראַפט זעהט זיך אַרױס אין אַלץ, װאָס ער האָט געטאָן און געשריבען. װעניגסטענס לאָזט זיך זאָגען, אַז אין אַלץ װאָס ער האָט געשריבען אַנטפּלעקט זיך ניט קײן זעלבסט־שטענדיקײט. זײַן ערשטע מאַינער װײַזט איהם אַלס אַ גאָר ניט; זײַן צװײטע מאַניער װײַזט איהם אַלס געטרײען דיענער פון די שלעגעלס; זײַן דריטע מאַניער װײַזט איהם אַלס נאָכמאַכער פון געטהע. זײַנע טעהאַטער קריטיקען, װאָס ער האָט געזאַמעלט אונ־טער דעם טיטול: „דראַמאַטורגישע בלעטער“ זענען נאָך דאָס אָריגינעלסטע, װאָס ער האָט געשאַפען. זענען דאָס אָבער נאָר טעאַ־טער קריטיקען.

װען שעקספּיער האָט געװאָלט פאַרשטעלען האַמלעט׳ן פאַר אַ שװעכלינג, לאָזט ער איהם ערשײַנען אין זײַנע שמועסען אַלס אַ גוטען טעאַטער קריטיקער.

מיט די ערענסטע דיסציפּלינען, האָט זיך דער הער טיעק קײנמאָל ניט פאַרנומען װי עס באַדאַרף צו זײַן. ער האָט שטודירט מאָדערנע שפּראַכען און די עלטערע דאָקומענטען פון דער דײַטשער פּאָעזיע. אַלס אַן אמת׳ער ראָמאַנטיקער איז ער אַלעמאָל געבליבען פרעמד צו קלאַסישע שטודיען; װי עס װײַזט אױס זענען זײ איהם געװען זאָגאָר דערװידער. אױף די פעלדער פון דער װיסענשאַפט האָט דער הער טיעק אָפּגעריסען נאָר בלומען און דאַרע ריטער, בדי מיט די ערשטע צו באַדיענען די נעזער פון זײַנע פרײַנד און מיט די לעצטע די רוקענס פון זײַנע געגנער. מיט דעם געלערנטען אַקערבױ האָט ער זיך קײנמאָל ניט אָפּגעגעבען. זײַנע שריפטען זענען בלומענשטרױסען און בינטלעך שטעקענס; קײנמאָל ניט קײן גאַרבען מיט קאָרענע זאַנגען.

אַ חוץ געטהע׳ן איז סערװאַנטעס דער, װעמען דער הער טיעק האָט צום מײסטען נאָכגעמאַכט. די הומאָריסטישע אירוניע, איך

וואָלט אויך געקענט זאָגן: דער איראָנישער הומאָר פון אַט די צוויי
מאָדערנע דיכטער, האָבן אויך פאַרשפּרייט זייער ריח אין די נאָ־
וועלען פון דעם הער טיעק, אין זיין דריטער מאַניער. איראָניע און
הומאָר זענען דאָ אַזוי צוזאַמענגעשמאָלצן, אַז זיי זעהען אויס ווי
איינע און דיזעלביגע זאַך. פון דער דאָזיגער הומאָריסטישער איראָ־
ניע רעדט מען ביי אונז אַ סך. די געטהע׳שע קונסט־שולע לויבט זי
אַלס אַ ספּעציפישע הערליכקייט פון איהר מייסטער, און זי שפּיעלט
היינט אַ גרויסע ראָל אין דער דייטשער ליטעראַטור. זי איז אָבער
נאָר אַ סמן פון אונזער פּאָליטישער ניט פרייקייט, און פּונקט אַזוי
ווי סערוואַנטעס האָט אין דער צייט פון דער אינקוויזיציאָן זיך גע־
מוזט באַהאַלטען הינטער אַ הומאָריסטישער איראָניע, כדי צו קע־
נען אַרויסזאָגען זיינע געדאַנקען, און זאָל ניט דאַרפען זיך איבער־
געבען צו דעם הייליגען אַפּיץ, אַזוי פלעגט אויך געטהע זאָגען אין
אַ טאָן פון הומאָריסטישער איראָניע דאָס, וואָס ער, דער מיניסטער
און הויפמענש האָט ניט געוואַגט צו זאָגען אין קלאָרע ווערטער.
געטהע האָט קיינמאָל ניט פאַרשוויגען דעם אמת. נאָר דאָרט וואו ער
האָט איהם ניט געקענט ווייזען נאַקעט, האָט ער איהם אָנגעטאָן
אין הומאָר און איראָניע. די שריפטשטעלער, וועלכע האָבען אויס־
צושטעהען פון אַלערליי צענזורען און גייסטיגען צוואַנג, און קענען
דאָך ניט פאַרלייקענען דאָס וואָס איז זיי צום האַרצען, זענען גאָר
באַזונדערס אָנגעוויזען אויף דער איראָנישער און הומאָריסטישער
פאָרם. דאָס איז דער איינציגער אויסוועג, וואָס איז נאָך איבער־
געבליבען פאַר דער עהרליכקייט, און אין דער הומאָריסטיש־איראָ־
נישער פאָרשטעלונג, אַנטפּלעקט זיך די עהרליכקייט אַם ריהרענדס־
טען. דאָס דערמאָנט מיך ווידער אָן דעם וואונדערליכען פּרינץ פון
דענעמאַרק. האַמלעט איז דער עהרליכסטער מענש פון דער וועלט.
זיין פאַרשטעלונג דיענט נאָר כדי אויסצופילען דאָס אויסערליכע;
ער איז וואונדערליך, ווייל וואונדערליכקייט פאַרלעצט אַלעמאָל
וועניגער די הויפעטיקעט, ווי אַן אָפענע דערקלעהרונג. אין אַלע
זיינע הומאָריסטיש־איראַנישע שפּאַסען, לאָזט ער אַלע מאָל מיט
אַ כונה דורכקוקען, אַז ער פאַרשטעלט זיך נאָר; און פון אַלץ וואָס
ער טוט און זאָגט, איז זיין ווירקליכע מיינונג זעהר קלאָר פאַר יע־

דערען, וואס וויים ווי אזוי צו קוקען. און אפילו פאר דעם קעניג, ועמען ער קען אפען ניט זאגען דעם אמת (ווארים דערצו איז ער צו שוואך), אפילו פון איהם וויל ער אבער דעם אמת קיינמאל ניט פארבארגען; נאר דער עהרליכסטער מענש האט געקענט זאגען: „מיר זענען אלע באטריגער.“ און אפילו מיט דעם, וואס ער מאכט זיך פאר משוגע, וויל ער אונז אויך ניט אפנארען. און ער וויים ביי זיך אינערליך, אז ער איז ווירקליך משוגע.

איך מוז דא דעם הער טיעק לויבען פאר נאך צוויי ארבייטען, דורך וועלכע ער האט זיך פארדיענט דעם דאנק פון דעם דייטשען פובליקום. דאס זענען זיינע איבערזעצונגען פון א רייה ענגלישע דראמען פון דער פאר־שעקספירישער צייט, און זיין איבערזעצונג פון „דאן קיכאט“.

צווישען די דערמאנטע דראמען זענען דא אנדערע, וואס טראגען דיזעלביגע נעמען און באהאנדלען דעמזעלביגען שטאף וואס שעקספיער׳ס שטיקער. מיר געפינען דארטען אפילו די זעלביגע אינטריגען, די זעלביגע סצענען ווי זיי פאלגען נאך איינע דער אנ־דערער: מיט אייןווארט די גאנצע שעקספיר׳שע טראגעדיע, מיט אן אויסנאם פון זיין פאעזיע. אנדערע קאמענטאטארען האבען אפילו געוואלט האבען, אז אט די דראמען זענען דאס די ערשטע ענטווארפען פון דעם גרויסען דיכטער, אזוי צו זאגען זיינע דרא־מאטישע קארטאנס, און ווען איך האב ניט קיין טעות, האט דער הער טיעק אליין באהויפט, אז דער „קעניג יאהאן“ איינס פון אט די אלטע שטיקער, איז שעקספיער׳ס אן ארבייט, אזוי צו זאגען, א פרעלודיום צו דעם גרויסען מייסטערווערק, וואס מיר קענען אונטער דעם דאזיגען טיטול. אבער דאס איז א טעות. די דאזיגע טראגעדיען זענען ניט עפים אנדערש ווי פארעלטערטע טעאטער שטיקער, וועל־כע שעקספיער האט, ווי מיר ווייסען, בעארבייט אין גאנצען אדער טיילווייז, לויט די באדערפענישען פון די טעאטער דירעקטארען. די דירעקטארען האבען איהם פאר אזא ארבייט באצאהלט פון צוועלף ביז זעכצעהן שילינג. יא, אן ארימער איבערארבייטער פון פרעמדע דראמען רודערט אויף די שטאלצעסטע ליטעראטור־קעניגע פון דער גענענוווארט!

דער אנדערער גרויסער דיכטער, מיגועל דע סערוואַנטעס שפּיעלט ניט קיין וויינינער באַשיידענדע ראָל אין דער רעאַלער וועלט. די דאָזיגע צוויי מענער, דער פאַרפאַסער פון „האַמלעט" און דער פאַרפאַסער פון „דאָן קיכאָט" זענען די גרעסטע דיכטער, וואָס די נייע צייט האָט אַרויסגעבראַכט.

די איבערזעצונג פון „דאָן קיכאָט" איז דעם הער טיעק גאָר באַזונדערס געלונגען; קיינער האָט ניט אַזוי גוט באַגריפען און קיינער האָט ניט אַזוי געטריי איבערגעגעבען די נאַרישע גראַנדעצאַ פון דעם קלוגען הידאַלגאָ פון לאַ מאַנטשאַ, ווי אונזער אויסגעצייכנעטער טיעק. דאָס בוך לייענט זיך כמעט, ווי אַ דייטשער אָרי־גינאַל. און לעבען „האַמלעט" און „פאַוסט" איז דאָס בוך אפשר דאָס געליעבטסטע בוך ביי די דייטשען. דאָס קומט דערפון, וואָס אין אָט די צוויי ביכער פונקט אַזוי ווי אין „דאָן קיכאָט" האָבען מיר ווידער געפונען די טראַגעדיע פון אונזער אייגענעם גאָר ניט. די דייטשע יונגע בחורים האָבען ליעב „האַמלעט", ווייל זיי פיהלען, אַז די צייט איז אַרויס פון איהרע גרעניצען". זיי זיפצען מיט דעם זעלבינען אַטעם פאַר וואָס זיי זענען באַרופען זי ווידער איינצוצאַמען; זיי דערפיהלען אין דערזעלבינער צייט זייער אונגלויבליכע שוואַכ־קייט, און דעקלאַמירען דעם „זיין אָדער ניט זיין." פאַרקעהרט ווי־דער די רייפערע מענער האָבען מעהר ליעב דעם „פאַוסט"; זייער זעלענצושטאַנד ציהט זיי צו דעם מוטיגען פאַרשער, וואָס שליסט אַ בונד מיט דער גייסטער־וועלט און האָט ניט מורא פאַר דעם טייוועל. יענע אבער וואָס זענען געקומען צו דער דערקענטעניש, אַז אַלץ איז הבל הבלים, אַז אַלע מענשליכע אָנשטרענגונגען זענען אומ־זיסט, ציהען פאַר דעם ראָמאַן פון סערוואַנטעס; זיי זעהן אין איהם אַן אָפּשפּאָטונג פון יעדער באַגייסטערונג, און אַלע אונזערע איצטי־גע ריטער, וואָס ליידען און קעמפען פאַר אַן אידעע, זעהען אויס אין זייערע אויגען ווי דאָן קיכאָטס. האָט מוגעל דע סערוואַנטעס זיך אַמאָל פאַרגעשטעלט, ווי מען וועט אַמאָל אין אַ שפּעטערדיגער צייט אויסטייטשען זיין ווערק? האָט ער ווירקליך געוואָלט פאַרשטעלען מיט זיין לאַנגען, דאַרען ריטער די אידעאַליסטישע באַגייסטערונג בכלל, און מיט זיין גראָבען דינער דעם רעאַלען פאַרשטאַנד? אַלץ

איינס. דער לעצטער שפּילט יעדענפאלס די לעבערליכע ראָל; וואָ־
רים דער רעאַלער פאַרשטאַנד מיט אַלע זיינע טראַדיציאָנעלע גאַנג־
באַרע שפּריכווערטער, מוז פאַרט רייטען אויף זיין רוהיגען עזעל
הינטער דער באַגייסטערונג; טראָץ זיין בעסערן שכל, מוז דאָך ער
און זיין עזעל אויסשטעהען אַלע צרות, וואָס דער עדעלער ריטער
האָט אויסצושטעהן; יאָ. די אידעאַלע באַגייסטערונג האָט אַזאַ
גרויסען כח, אַז דער רעאַלער פאַרשטאַנד, צוזאַמען מיט זיינע עז־
לען, מוזען איהר ניט ווילענדיג דאָך נאָכגעהן.

אָדער האָט אפשר דער טיעפזיניגער שפּאַניער נאָך טיעפער
געוואָלט חוזק מאַכען פון דער מענשליכער נאַטור? האָט ער אפשר
אין דער געשטאַלט פון דאָן קיכאָט אַלעגאַריזירט אונזער גייסט און
אין דער געשטאַלט פון סאַנשאָ פּאַנשאָ אונזער חומר, און דאָס
גאַנצע געדיכט איז דערפאַר ניט מעהר, ווי אַ גרויס מיסטעריום,
אין וועלכען עס ווערט דיסקוטירט דאָס פּראָבלעם וועגען גייסט און
מאַטעריע אין דעם נאַקעטסטען אמת? אַזוי פיעל זעה איך אין דעם
בוך, אַז דער אָרימער, מאַטעריעלער סאַנטשאָ, מוז זעהר פיעל
ליידען פאַר די ספּיריטועלע דאָן קיכאָטעריען, אַז פאַר די נאָבעלס־
טע כונות פון זיין האַר, קריגט ער נעביך די גרעסטע שמיץ, אַז ער
איז אַלעמאָל פאַרשטענדיגער ווי זיין הויכרייטענדיגער האַר; וואָרים
ער ווייס, אַז שמיץ שמעקען אַלע מאָל זעהר שלעכט, און אַז די
וואורשטלעך פון אַ אָלאַ־פּאָטרידאָ שמעקען זעהר גוט. ווירקליך,
ווי עס זעהט אויס האָט דער גוף אָפטמאָל מעהר שכל ווי די נשמה,
און דער מענש דענקט אָפטמאָל, פיעל ריכטיגער מיט'ן רוקען און
מיט'ן מאָגען ווי מיט'ן קאָפּ.

האָט אבער דער אַלטער סערוואַנטעס נאָר געמיינט צו שיל־
דערן אין זיין „דאָן קיכאָט" די נאַראָנים, וועלכע ווילען צוריק
איינפיהרען דאָס מיטעלאַלטערליכע ריטערטום, וואָס ווילען ווידער
לעבעדיג מאַכען אַן אָפּגעשטאָרבענע פאַרגאַנגענהייט, דאַן איז עס
אַזאַ שפּאַסהאַפטע איראָניע פון צופאַל, אַז גראַד די ראָמאַנטישע
שולע האָט אונז צוגעשטעלט די בעסטע איבערזעצונג פון אַ בוך,
אין וועלכען איהר איינענע נאַרישקייט ווערט אַזוי שטאַרק אָפּ־
געלאַכט.

## 3.

פון אלע משוגעת'ן פון דער ראמאנטישער שולע אין דייטשלאנד איז באזונדערס ווערט דערמאנט צו ווערען דער קולט פון יאקאב בעהמע. דער נאמען יאקאב בעהמע איז געוועזן די לאזונג פון די דאזיגע לייט. ווען עמיצער האט ארויסגערעדט דעם נאמען יאקאב בעהמע, האט מען אנגעשטעלט די טיפזיניגסטע געזיכטער. איז דאס געוועזן אין ערענסט, אדער אין שפאס?

יאקאב בעהמע איז געוועזן א שוסטער, וועלכער האט דערזעהן דאס ליכט פון דער וועלט ארום 1575 אין גערליץ, וואס געפינט זיך אין דער אויבערלאוזיץ, און ער האט נאך זיך איבערגעלאזען א גאנצען פאק טהעאזאפישע שריפטען. אט די שריפטען זענען געשריבען אין דער דייטשער שפראך, און זענען דערפאר פאר אונזערע ראמאנטיקער געוועזן נאך צוגעגנליכער. צי יענער זאנדערבארער שוסטער איז ווירקליך געוועזן אזא אויסגעצייכענטער פילאזאף, ווי א סך פון די דייטשע מיסטיקער באהויפטען, דאס ווייס איך ניט. ווייל איך האב איהם גאר ניט געלעזען. איך בין אבער איבערציינט, אז ער האט ניט געמאכט אזעלכענע גוטע שטיוועל ווי דער הער סאקאסקי. אן אנדער שוסטער, האנס זאקס, וואס איז געבוירען געווארען אין 1454 אין נירענבערג, און האט דארט פארבראכט זיין לעבען, איז פון דער ראמאנטישער שולע געלויבט געווארען אלס איינער פון אונזערע בעסטע דיכטער. איהם האב איך יא געלעזען, און איך מוז צוגעבען, אז איך צווייפעל צי דער הער סאקאסקי האט ווען עס איז געמאכט אזעלכענע גוטע פערזען, ווי אונזער אלטער אויסגעצייכענטער האנס זאקס.

דעם איינפלוס וואס דער הער שעלינג האט געהאט אויף דער ראמאנטישער שולע האב איך שוין אנגעדייטעט, און אזוי ווי שפע־

טער וועל איך רעדען וועגען איהם באזונדער, קען איך מיר דא פאר־
שפארען אן אויספיהרליכע אפהאנדלונג. אלענפאלס פארדיענט אט
דער מענש אונזער גרעסטע אויפמערקזאמקייט. ווארים אין דער
פריהערדיגער צייט איז דורך איהם ענטשטאנען אין דער דייטשער
גייסטער־וועלט א גרויסע רעוואלוציאן, און אין דער שפעטערדי־
גער צייט האט ער זיך אזוי פארענדערט, אז די אונערפאהרענע
זענען אריינגעפאלען אין די גרעסטע טעות'ן, ווען זיי האבען געוואלט
פארבייטען דעם פריהערדיגען שעלינג אויף דעם איצטיגען. דער
פריהערדינער שעלינג איז געווען א בראווער פראטעסטאנט, וואס
האט פראטעסטירט אקעגען דעם פיכטע'שען אידעאליזם. דער דא־
זיגער אידעאליזם איז געווען א זאנדערבארע שטה, וועלכע מוז פאר
א פראנצויז זיין באזונדערס פרעמד. ווארים אין דער צייט, וואס
אין פראנקרייך איז אויפגעשטאנען א פילאזאפיע, וועלכע האט דעם
גייסט מגשם געווען, וועלכע האט דעם גייסט נאר אנערקענט אלס
א מאדיפיקאציאן פון דער מאטעריע, קורץ, אין דער צייט, וואס
דא האט גענומען הערשען דער מאטעריאליזם, האט זיך אין דייטש־
לאנד אויפגעהויבען א פילאזאפיע, וועלכע האט פונקט קאפויר נאר
דעם גייסט אנגענומען פאר עפּיס ממשות'דיגעס, און אלע מאטעריען
דערקלעהרט נאר פאר א מאדיפיקאציאן פון גייסט, א פילאזאפיע,
וואס האט זאגאר געלייקענט אין דער עקזיסטענץ פון דער מא־
טעריע. עס האט כמעט אויסגעזעהן, ווי דער גייסט האט געזוכט
נקמה אויף יענער זייט פונ'ם רהיין, פאר די באליידיגונג, וואס ער
האט געהאט אויסצושטעהן אויף דער זייט פון רהיין. ווען מען האט
דא אין פראנקרייך פארלייקענט דעם גייסט, האט ער אויסגעוואנ־
דערט קיין דייטשלאנד און האט דארט פארלייקענט דעם חומר.
אין דער בעציהונג קען מען באטראכטען פיכטע'ן פאר א הער־
צאג פאן בראונשווייג פון ספּירִיטואַליזם. און זיין אידעאליסטישע
פילאזאפיע איז ניט מעהר ווי א מאניפעסט אקעגען דעם פראנ־
צויזישען מאטעריאליזם. אבער אט די פילאזאפיע, וואס איז דער
העכסטער שפּיץ פון דעם ספּיריטואליזם, האט זיך געקענט דער־
האלטען פונקט אזוי ווייניג, ווי דער גראבער מאטעריאליזם פון
די פראנצויזען. און דער הער שעלינג איז געווען דער מאן, וועלכער

איז ארויסגעטראָטען מיט דער לעהרע, אז די מאַטעריע, אדער ווי ער האָט זי גערופען: די נאַטור, עקזיסטירט ניט בלויז אין אונזער גייסט, נאָר אויך אין דער ווירקליכקייט, אז אונזער אַנשויאונג פון זאכען, איז אידענטיש מיט די זאכען גופא. אָט דאָס איז שעלינגס אידענטיטעטס לעהרע, אדער, ווי מען רופט זי אויך: די נאַטור־פי־לאָזאָפיע.

דאָס איז געשעהן אין אָנהויב פון אכצעהנטען יאהרהונדערט. דעמאָלט איז דער הער שעלינג געווען א גרויסער מענש. מיט דער צייט האָט זיך אָבער העגעל באוויזען אויף דער פילאָזאָפישער ביהנע. דער הער שעלינג, וועלכער האָט אין דער לעצטער צייט גאָר ניט געשריבען, איז פארטונקעלט געוואָרען, מען האָט אָן איהם אָנגעהויבען צו פארגעסען און ער האָט נאָר געהאט בלויז א ליטעראר־היסטאָרישע באדייטונג. די העגעל'שע פילאָזאָפיע איז געוואָרען די הערשענדע. העגעל איז געוואָרען דער אויבערהערשער אין דעם קעניגרייך פון גייסטער, און דער אָרימער שעלינג, א גע־פאלענער, באשעדיגטער פילאָזאָף, האָט זיך א טרויעריגער ארומגע־דרעהט צווישען אנדערע אָפּגעלעבטע פילאָזאָפען אין מינכען. ווען איך האָב איהם אמאָל געזעהן דאָרטען, האָט מיר אזש פערקוועטשט ביים הארצען. אזוי קלאָגענדיג האָט ער אויסגעזעהן. און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען נאָך קלאָגעדיגער, דאָס איז געווען קנאה־שנאה צו העגעל'ן, וועלכער האָט איהם ארונטערגעוואָרפען פון זיין גדולה. פונקט אזוי ווי איין שוסטער רעדט וועגען א צוויי־טען שוסטער, ווען ער באשולדיגט, אז ער האָט ביי איהם גע־גנב'עט לעדער און דערפון געמאכט שטיוועל, אזוי האָב איך גע־הערט דעם הער שעלינג רעדען וועגען העגעל'ן, וועלכער האָט ביי איהם „צוגענומען זיינע אידעען"; און „מיינע אידעען זענען דאָס, וואָס ער האָט גענומען" און ווידער „מיינע אידעען", איז געווען דאָס שטענדיגע ליעדעל פון דעם אָרימען מענשען. ווירקליך, האָט אמאָל דער שוסטער יאקאָב בעהמע גערעדט ווי א פילאָזאָף, האָט איצטער דער פילאָזאָף שעלינג גערעדט ווי א שוסטער.

קיין זאך איז ניט אזוי לעכערליך ווי דאָס רעקלאמירטע אייגענטומסרעכט אויף אידעען. אודאי האָט העגעל זיך באנוצט מיט

א סך פון שעלינגס אידעען פאר זיין פילאזאפיע; אבער דער הער שעלינג האט דאך קיינמאל ניט אנגעהויבען צו וויסען, וואס צו טאן מיט די דאזיגע אידעען. ער האט אלע מאל נאר פילאזאפירט, אבער קיינמאל האט ער ניט געקענט געבען קיין פילאזאפיע. און דאן קען מען זעהר גוט באהויפטען, אז דער הער שעלינג האט מעהר געלערנט פון שפינאזא'ן, ווי העגעל פון איהם. ווען מען וועט אמאל שפינאזא'ן אויסלייזען פון זיין פארשטיינערטער, אלטקארטעזיא־נישער, מאטעמאטישער פארם, דאמאלט וועט זיך אפשר ארויס־ווייזען, אז ער האט זיך מעהר צו באקלאגען, אז מען גנב'עט ביי איהם אידעען ווי יעדער אנדערער. אלע אונזערע היינטיגע פילא־זאפען קוקען (אפשר אליין דאס ניט וויסענדיג) דורך די ברילען, וואס ברוך שפינאזא האט געשליפען.

קנאה־שנאה האבען געבראכט דערצו, אז מלאכים זענען גע־פאלען. און עס איז ליידער זעהר גוט באוואוסט, אז די קנאה צו העגעל'ן, וועלכער האט געהאלטען אין איין באריהמט ווערען, האט־בען דעם ארימען הער שעלינג געפיהרט אהין, וואו מיר זעהען איהם איצט, נעמליך אין די נעצען פון דער קאטוילישער פראפאגאנדא, וועמענס הויפטקווארטיר געפינט זיך אין מינכען. דער הער שעלינג האט פאראטען די פילאזאפיע צו דער קאטוילישער רעליגיאן. אלע באווייזע שטימען איין וועגען דעם, און מען האט געקענט פאראויס־זעהן שוין מיט א צייט פריהער, אז עס וועט מוזען פיהרען דערצו. איך אליין האב אפטמאל געהערט פונ'ם מויל פון עטליכע מינכענער מאכטהאבער, „אז מען מוז די אמונה פארבינדען מיט דער השכלה", די דאזיגע פראזע איז געווען אומשולדיג ווי א בלום, און הינטער איהר האט געלויערט די שלאנג. איצטער ווייס איך, וואס איהר האט געוואלט. דער הער שעלינג מוז איצטער דיענען דערצו, רעכטפער־טיגען מיט אלע זיינע כחות די קאטוילישע רעליגיאן, און אלץ, וואס ער לערנט איצטער אונטער דעם נאמען פילאזאפיע, איז ניט מעהר ווי א רעכטפערטיגונג פון קאטוליציזם. דערביי האט מען נאך געשפעקולירט אויף דעם, אז דער באריהמטער נאמען וועט צוציהען אהער קיין מינכען די דייטשע יוגענד, וואס דורשט נאך חכמה, און דער יעזואיטישער ליגען אינ'ם קלייד פון דער פילא־

זאפיע, וועט זי דערפאר נאך לייכטער באנארישען. די דאזיגע יו־גענד קניהט איצטער פרום פאר דעם מאן, וועמען זיי האלטען פאר דעם כהן גדול פון דעם אמת, און אהן א חשד נעמט זי צו פון זיינע הענד די פארגיפטעטע האסטיע.

צווישען די תלמידים פון דעם הער שעלינג, ריהמט מען אין דייטשלאנד באזונדערס שטארק דעם הער סטעפענס, וועלכער איז איצטער פראפעסאר פון פילאזאפיע אין בערלין. ער האט געלעבט אין יענא, אין דער צייט ווען די שלעגעל'ס האבען דארטען געקי־ניגט, און זיין נאמען פלעגט זעהר אפט שיינען אין די יאהרביכער פון דער ראמאנטישער שולע. שפעטער־צו האט ער אויך געשריבען עטליכע נאוועלען, אין וועלכע מען קען זעהן זעהר פיעל שארפזין און זעהר ווייניג פאעזיע. באדייטענדער זענען זיינע וויסענשאפט־ליכע ווערק, און דערהויפט זיין אנטראפאלאגיע. אט די ווערק זענען פול מיט אריגינעלע אידעען. פון דער זייט האט ער גענקראגען ווייניגער אנערקענונג ווי ער האט זיך דאס פארדיענט. אנדערע האבען פארשטאנען די קונץ, צו בעארבייטען זיינע אידעען, און זיי צו ברענגען פאר דעם פובליקום אלס די זייערינגע. דער הער סטע־פענס האט זיך נעמענט באקלאגען ניכער ווי זיין לעהרער, אז מען האט ביי איהם צוגע'גנב'עט זיינע אידעען. צווישען זיינע אידעען איז אבער געווען איינע, וואס קיינער האט ניט געוואלט צו'גנב'ע־נען, און דאס איז זיין הויפט־אידעע, די ערהאבענע אידעע, „הענ־ריך סטעפענס, וואס איז געבוירען געווארען דעם 2טען מאי, 1773 אין סטאוואנגער, ביי דראנטהיים אין נארוועגען, איז דער גרעסטער מאן פון זיין יאהרהונדערט."

פאר די לעצטע יאהרען איז אט דער מאן אין די הענד פון די פיעטיסטען. און זיין פילאזאפיע איז איצטער ניט מעהר ווי א וויי־נעדיגער, לעבליך־וואסערדיגער פיעטיזם.

אז עהנליכער גייסט איז דער הער יאזעף גערעס, וועמען איך האב שוין עטליכע מאל דערמאנט. און ער האט אויך באלאנגט צו דער שלעגעלשער שולע. ער איז אין דייטשלאנד באקאנט אונטער דעם נאמען: „דער פערטער אליאירטער". אזוי האט איהם אנגע־רופען א פראנצויזישער זשורנאליסט, אין יאהר 1814, ווען ער

האט אויפ'ן באפעהל פון דעם הייליגען אליאנס געפרעדיגט דעם האס אקעגען פראנקרייך. פון דעם דאזיגען קאמפלימענט, ווערט דער דאזיגער מענש אויפגעפרעסען נאך ביז'ן היינטיגען טאג. אבער אין דער אמת'ן האט טאקי קיינער ניט געקענט אזוי שטארק צובלאזען דעם האס אקעגען פראנקרייך, ווי ער דורך זיינע נאציאנאלע עראינערונגען; אין דעם פאמפלעט „דער רהיינישער מערקור", וואס ער האט אנגעשריבען מיט דער דאזיגער כונה, זענען דא אזוי פיעל גיפטיגע אויסדרוקען, אז ווען עס זאל נאך אמאל קומען צו א קריעג, וועט ער קענען אויסאיבען א שטארקע ווירקונג. זינט דעמאלט איז דער הער גערעס כמעט אין גאנצען פארגעסען געווארען. די פירשטען האבען איהם מעהר ניט באדארפט, האבען זיי איהם געלאזט לויפען. און ווען ער האט דערפאר אנגעהויבען צו ברומען, האט מען איהם זאגאר פארפאלגט. זיי איז עס דערגאנגען ווי די שפאניער אויף דעם אינזעל קובא, וועלכע האבען אין דעם קריעג מיט די אינדיאנער, אנגערייצט אויף די נאקעטע ווילדע זייערע הינד, אז זיי זאלען זיי צובייסען; ווען די מלחמה האט זיך געענדיגט און די הינד, וואס האבען שוין געהאט דערשמעקט, אז מענשענבלוט איז גוט, האבען איצטער צייטענווייז אויך גענומען פארזוכען די פאלקעס פון זייערע אייגענע באלעבאטים, האבען די באלעבאטים געמוזט זוכען א וועג ווי אזוי מיט געוואלד פון די דאזיגע הינד פטור צו ווערען. ווען דער הער גערעס איז פארפאלגט געווארען פון די פירשטען און האט מעהר ניט געהאט וואס צו בייסען, האט ער זיך אריינגעווארפען אין די ארעמס פון די יעזואיטען; זיי דיענט ער עד היום און ער איז איינער פון די הויפט־זיילען פון דער קאטוילישער פראפאגאנדא אין מינכען. דארט, אין מינכען האב איך איהם געזעהן מיט עטליכע יאהר צוריק אין דער בליהונג פון זיין דערנידערונג. ער האט געהאלטען פארלעזונגען פאר אן אוידיטאריום, וואס איז באשטאנען צומייסטענס פון קאטוילישע סעמינאריסטען, וועגען דער אלגעמיינער וועלט־געשיכטע, און ער האט שוין געהאלטען ביים פאל פון אדם הראשון, ווען ער האט געזינדיגט. וואס פאר א שרעקליכען סוף עס האבען אלע שונאים פון פראנקרייך! דער פיערטער אליאירטער איז איצט פאר'משפט

יאָהר אויס, יאָהר איין צו דערצעהלען יעדען טאָג פאַר די קאַטוילישע סעמינאַריסטען, פון דער Ecole polytechnique פון דעם אַבסקוראַנטיזם! אין זיין פאָרטראַג, האָט, פונקט ווי אין זיינע ביכער, געהערשט די גרעסטע אונאָרדענונג, דער גרעסטער מישמאַש פון באגריפען און ווערטער, און ניט אומזיסט האָט מען איהם אַפט פארגלייכט מיט דעם טורעם פון בבל. ער איז ווירקליך געגליכען צו אַן אונגעהייערען טורעם, אין וועלכען הונדערט טויזענד געדאנקען ארבייטען, און רעדען צווישען זיך, און זאָגען וואָס איינער צום אנדערן און קריגען זיך אזוי, אז איינער פאַרשטעהט ניט דעם צווייטען. צייטענווייז האָט אויסגעזעהן ווי דער טומעל אין זיין קאָפּ איז אביסעל אנטשוויגען געוואָרען. און ער האָט דאַן גערעדט לאנג, לאנגזאם און לאנגווייליג, און פון זיינע בייזע ליפּען זענען ארונטערגעפאלען די מאָנאָטאָנע ווערטער, ווי טריבע רעגענטראָפּענס פון א בלייערנער דאַך־רינע.

ווען די אלטע דעמאַגאָגישע ווילדקייט האָט צייטענווייז ווידער אויפגעוואכט אין איהם, און איז געווען אזא שרעקליכער קאָנטראַסט צו זיינע מאָנאַכישע הכנעה'דיגע רייד; ווען ער פלעגט רעדען אזוי קריסטליך פול מיט ליעבע, אין דער צייט, וואָס ער איז בלוטדורשטיג ווילד ארומגעשפּרונגען אהין און אהער, האָט זיך געדאכט, אז דאָס זעהט מען א היענע אין די מלבושים פון א גלח.

דער הער גערעס איז געבוירען געוואָרען אין קאָבלענץ, דעם 5טען יאנואר, 1776.

די איבעריגע איינצעלהייטען פון זיין לעבען, ווי אויך די איינצעלהייטען וועגען דעם לעבען פון די מייסטע פון זיינע חברים, וויל איך דאָ ניט באריהרען. ביי דער בעאורטיילונג פון זיינע פריינד, די ביידע שלעגעלס, האָב איך אפשר אריבערגעטראָטען די גרעניץ, ווי ווייט מען מעג רעדען וועגען דעם לעבען פון אָט די מענשען.

אָך, ווי טרויעריג ווערט, ווען מען באטראכט פון דער נאָהענט ניט נאָר יענע דיאָסקורען, נאָר די שטערען פון אונזער ליטעראַטור בכלל; די שטערן אין הימעל ווייזען זיך אונז אפשר דערפאַר אויס אזוי שען און ריין, ווייל מיר שטעהען ווייט פון זיי,

און מיר קענען ניט זייער פריוואט לעבען. עס זענען דאָרט מסתמא אויך פאַראַן א טייל שטערען, וואָס זענען געצוואונגען צו באַגעהן אַלערליי שלעכטקייטען; שטערען, וואָס קושען זיך און פאַראַכטען זיך; שטערן, וואָס שמייכלען זיך צו צו זייערע שונאים, און, וואָס איז נאָך שמערצליכער, אפילו צו זייערע פריינד, פּונקט אַזוי גוט ווי מיר דאָ אונטען. יענע קאָמעטען וואָס מען זעהט טיילמאָל דאָרט אויבען זיך ארומשלעפּען, ווי מענאַדען מיט צולאָזטע שטראַהלען־האָר, זענען אפשר די צולאָזענע שטערען, וואָס צום סוף פאַרקריכען זיי זיך מיט חרטה און הכנעה אין א פינסטערן ווינקעלע פון הימעל און האסען די זון.

איך האָב דאָ נאָר גערעדט פון דעם הער שעלינגס צוויי תלמידים, וועלכע האָבען געשפּיעלט א ראָל אין דער באַוועגונג פון דער ראָמאַנטיק; און דאָך זענען זיי בשום אופן ניט די באַדייטענדסטע קעפּ פון דער שולע פון דעם אמאָליגען שעלינג. כדי צו פאַרמיידען וועלכען ניט איז טעות, וויל איך דאָ אגב אורחא דערמאָנען, אז די הערען אָקען, און פראַנץ באַאדער, האָבען איבער־געשטיגען אַלע זייערע לעבעדיגע שול־חברים. דער ערשטער, דער אויסגעצייכענטער אָקען איז געבליבען טריי צו דער אורשפּרינגלי־כער תורה פון זיין רבי׳ן; דער אַנדערער, הער באַאדער, האָט זיך ליידער צופיעל אָפּגעגעבען מיט דעם מיסטיציזם; דאָך גלויב איך ניט, אז ער האָט זיך, ווי מען מורמעלט, טיעף אריינגעלאָזט מיט דער דאָזיגער חברה. ער האַלט זיך נאָך גענוג ווייט פון דעם פרומען מינכענער געזינדעל, וואָס וויל רעטען די רעליגיאָן דורך דער פי־לאָזאָפיע.

און ווייל איך האָב דאָ גערעדט פון דייטשע פילאָזאָפען, מוז איך דאָ פאַריכטען א טעות, וועלכער איז דאָ אין פראַנקרייך זעהר פאַרשפּרייט בנוגע די דייטשע פילאָזאָפען. וואָרים זינט דעמאָלט, וואָס עטליכע פראַנצויזען האָבען זיך באַשעפטיגט מיט דער שעלינג־שער און העגעל׳שער פילאָזאָפיע, און האָבען דעם רעזולטאַט פון זייערע שטודיען מיטגעטיילט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, און האָבען זי אויך אָנגעווענדט אויף פראַנצויזישע פאַרהעלטעניסען: זינט דעמאָלט באַקלאָגען זיך די פריינד פון דעם קלאָרען דענקען

און פון דער פרייהייט, אז מען ברענגט אריין אין פראנקרייך די גאָרישסטע טרוימערייען און סאָפיזמען פון דייטשלאנד, מיט וועל־כע מען קען צומישען די גייסטער, און מיט וועלכע מען קען יעדען ליגען און יעדען דעספּאָטיזם פאַרקליידען אין א שיין פון אמת און רעכט. מיט איין וואָרט, אָט די ערלעכע מענשען, וואָס זענען באַ־זאָרגט וועגען די אינטערעסען פון דעם ליבעראַליזם, באַקלאָגען זיך אויף דעם שעדליכען איינפלוס פון דער דייטשער פילאָזאָפיע אין פראנקרייך. אין דער אמת'ן אבער איז אַן אומרעכט אזוי צו דענ־קען וועגען דער אָרימער דייטשער פילאָזאָפיע. וואָרים, ערשטענס, איז דאָס, וואָס דער הער וויקטאָר קאָזין האָט פאָרגעשטעלט פאַר די פראנצויזען אלס די דייטשע פילאָזאָפיע, גאָר נים קיין דייטשע פילאָזאָפיע. דער הער קאָזין האָט פאָרגעטראָגען זעהר פיעל גייסטרייכע פּלוידערייען, אָבער נים קיין דייטשע פילאָזאָפיע. צווייטענס, די אייגענטליכע דייטשע פילאָזאָפיע איז די, וועלכע איז גאנץ אונמיטעלבאר ארויסגעגאנגען פון קאַנט'ס קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט, און אָנהאַלטענדיג דעם כאַראַקטער פון אָט דעם אורשפּרונג, קימערט זי זיך ווייניג וועגען די פּאָליטישע אָדער רע־ליגיעזע פאַרהעלטענישען. דערפאַר אבער מעהר וועגען די יסודות פון יעדער דערקענטעניש.

עס איז אמת, אז די מעטאַפיזישע סיסטעמען פון די מייסטע דייטשע פילאָזאָפען, זענען זעהר עהנליך צו שפּינוועב. אָבער וואָס שאַדט דאָס? האָט דאָך פון דעסטוועגען דער יעזואיטיזם דאָס דאָ־זיגע שפּינוועב נים געקענט באַנוצען פאַר זיינע נעצען פון ליגען, און האָט דאָך נאָך ווייניגער דער דעספּאָטיזם געקענט דערפון פלעכ־טען שטריק, כדי צו בינדען די גייסטער. נאָר פון שעלינג'ען אָן האָט די דייטשע פילאָזאָפיע פאַרלוירען אָט דעם דינעם, אבער אונשעד־ליכען כאַראַקטער. אונזערע פילאָזאָפען קריטיקירען שוין נים מעהר די לעצטע יסודות פון די דערקענטענישען און פון דעם זיין בכלל, זיי שוועבען שוין נים מעהר אין אידעאַליסטישע אַבסטראַקציאָנען, נאָר ווילען רעכטפערטיגען דאָס וואָס איז דאָ. זיי זענען געוואָרען די רעכטפערטיגער פון דעם, וואָס איז דאָ. אין דער צייט, וואָס אונ־זערע אַמאָליגע פילאָזאָפען פלעגען אָרים און אין דחקות וואוינען אין

בוידים־שטיבלעך און דאָרטען אויסגריבלען זייערע סיסטעמען, שטעקען אונזערע היינטיגע פילאָזאָפען אין דער בריליאַנטענער ליוורעע פון דער מאַכט. זיי זענען געוואָרען שטאַאַטס־פילאָזאָפען. דאָס הייסט, זיי האָבען אויסגעקלעהרט פילאָזאָפישע רעכטפערטי־גונגען פאַר אַלע אינטערעסען פון שטאַאַט, וואו זיי האָבען זיך גע־פונען אַלס אַנגעשטעלטע. אַזוי למשל העגעל, אַ פּראָפעסאָר אין דעם פּראָטעסטאַנטישען בערלין, האָט אין זיין שטה אויך אריינגענומען די גאַנצע עוואַנגעליש־פּראָטעסטאַנטישע דאָגמאַטיק; און דער הער שעלינג, פּראָפעסאָר אין דעם קאַטוילישען מינכען, רעכטפערטיגט איצטער אין זיינע פאָרלעזונגען אפילו די עקסטרימסטע דאָגמען פון דער רוימיש־קאַטוליש־אַפּאָסטאָלישער קירך.

יאָ, פּונקט ווי די אַלעקסאַנדרינישע פילאָזאָפען האָבען פאַר־צייטען אַנגעווענדט זייער גאַנצע חריפות, כדי דורך אַלעגאָרישע אויסלעגונגען צו רעטען די זינקענדע רעליגיאָן פון יופּיטער פון גענצליכען אונטערגאַנג, אַזוי פּרוּאווען אונזערע דייטשע פילאָזאָפען עפּיס עהנליכעס פאַר דער קריסטליכער רעליגיאָן. עס אַרט אונז ווייניג צו אונטערזוכען, אויב די פילאָזאָפען האָבען דערביי אַן עגאָאיסטישען צוועק; ווען מיר זעהען זיי אָבער אין חבר'שאַפט מיט דער פּאַרטיי פון די גלחים, און ווען מיר זעהען ווי זייערע מאַטעריעלע אינטערעסען זענען פאַרקניפּט מיט דעם אויפהאַלטען פון קאַטוליציזם, רופען מיר זיי אַן יעזואיטען. זיי דאַרפען זיך אָבער ניט איינריידען, אַז מיר פאַרגלייכען זיי מיט די עלטערע יעזואיטען. יענע זענען געווען גרויס און געוואַלטיג, פול מיט חכמה און מיט לעבענסשטאַרקייט. אוי, די שוואַכליכע קאַרליקעס! זיי מיינען, אַז זיי וועלען באַזיעגען די שווערקייטען, אַן וועלכע זאָגאַר די שוואַרצע ריעזען האָבען די קעפּ געבראָכען. קיינמאָל האָט דער מענשליכער גייסט ניט אויסגעקלעהרט קיין גרעסערע קאָמבינאַציאָנען ווי די, דורך וועלכע די אַלטע יעזואיטען האָבען געוואָלט דערהאַלטען דעם קאַטוליציזם. עס איז זיי אָבער ניט געלונגען, ווייל זיי זענען נאָר געווען באַגייסטערט פאַר דער דערהאַלטונג פון דעם קאַטוליציזם, אָבער ניט פאַר דעם קאַטוליציזם גופא. דער קאַטוליציזם אַן און פאַר זיך, איז זיי אייגענטליך גאָר ניט אַנגעגאַנגען; דערפאַר האָ־

בען זיי צייטענוויַיז פּראָפּאַנירט דעם קאַטוילישען פּרינציפּ גופא; אבי איהם צו ברענגען צו הערשאפט; זיי האָבען זיך פּארשטענדיגט מיט דעם היידענטום, מיט די מאַכטהאַבער פון דער ערד, האָבען געטאָן פאר זיי אלץ, זענען געוואָרען מערדער און סוחרים, און ווען עס האָט זיך געלוינט, זענען זיי אפילו געוואָרען אטעאיסטען. אבער אומזיסט האָבען זיי אין דער קונסט און אין דער וויסענשאפט געפּרוואוט זיך צו פּארמעסטען אין כחות מיט דעם ניט־גייסטלי־כען פּשוט'ען עולם. דאָ האָט זיך קלאָר ארויסגעוויזען זייער אָהנ־מאַכט. זיי האָבען מקנא געווען אלע גרויסע געלערנטע און קינסט־לער, און האָבען דאָך ניט געקענט ענטדעקען אָדער שאפען עפּיס אויסערגעוועהנליכעס. זיי האָבען געדיכטעט פרומע הימנען און געבויט קירכען; אבער אין זייערע געדיכטען וועהט ניט קיין פריי־ער גייסט, נאָר דאָרט זיפצט בלויז די ציטערדיגע אונטערטעניקייט פאר די אויבערשטע פון דעם אָרדען; און אפילו אין זייער אַרכי־טעקטור וועהט מען נאָר א שרעקיגע ניט פרייקייט, א שטיינערנע בויגיקייט, אן ערהאבענקייט, וואָס קומט פון באפעהל. מיט רעכט האָט אמאָל געזאָגט באראָ: „די יעזואיטען האָבען די ערד ניט גע־קענט דערהויבען צום הימעל, און זיי האָבען דעם הימעל ארונטער־געצויגען צו דער ערד.“ אלע זייערע מעשים און אויפטואונגען זענען געווען פרוכטלאָז. פון דעם טויט קען ניט ארויסבליהען קיין לעבען, און גאָט קען ניט גערעטעט ווערען דורך דעם טייוועל.

לאָמיר די יעזואיטען לאָזען ליגען אין זייערע קברים און מיט רחמנות ציהען די אקסעל ביים אָנבליק פון די נייע יעזואיטען! יענע זענען טויט, און די זענען נאָר די ווערים, וואָס קריכען ארויס פון זייערע טרופען. זיי זענען פונקט אזוי ווייניג גלייך צו די אלטע יעזואיטען, ווי דער היינטיגער שעלינג איז גלייך צו דעם שעלינג פון אמאָל.

דער הער שעלינג איז געבוירען געוואָרען דעם 27טען יאנואר, 1775, אין ווירטעמבורג.

## 4.

וועגען דעם פארהאלטניש פון דעם הער שעלינג צו דער ראָ־
מאנטישער שולע, האָב איך געקענט געבען בלויז עטליכע קליינע
אנדייטונגען. זיין איינפלוס איז מעהרסטענטיילס געווען א פער־
זענליכער. א חוץ דעם, איז די נאטור־פילאָזאָפיע דורך איהם אריין
אין דער מאָדע, און פון דאַן אָן איז די נאטור אויפגעפאסט געוואָרען
פיעל זינליכער פון די דיכטער. א טייל פון זיי האָבען זיך מיט
זייערע אלע מענשליכע געפיהלען אריינגעטאָן אין דער נאטור
אריין; אנדערע האָבען זיך אויסגעלערנט עטליכע צויבערפאָרמעלן,
דורך וועלכע עס האט פון דער נאטור געקענט ארויסקוקען און
ארויסרעדען עפּיס מענשליכעס. די ערשטע זענען געווען די אמת'ע
מיסטיקער, און אין פיעלע הינזיכטען זענען זיי געווען גלייך צו די
אינדישע פרומע לייט, וואָס לעבען גיך אויף אין דער נאטור, הויבען
ענדליך אָן צו פיהלען מיט דער נאטור עפּיס געמיינשאפטליכעס.
די אנדערע זענען שוין גיכער געווען א מין מכשפים. און מיט זייער
אייגענעם ווילען האָבען זיי פון דער נאטור ארויסגערופען פיינדלי־
כע גייסטער זאָגאר. זיי זענען געווען גלייך צו די אראבישע צוי־
בערער, וואָס ווען זיי ווילען, קענען זיי באלעבען יעדען שטיין און
ווען זיי ווילען, קענען זיי יעדע לעבעדיגע זאך פארוואנדלען אין א
שטיין. צו דעם ערשטען מין דיכטער האט באלאנגט נאָוואַליס. צום
צווייטען — האָפמאַן. נאָוואַליס האט אומעטום געזעהן נאָר וואונ־
דער און ליעבליכע וואונדער; ער האט פארשטאַנען די שפּראך פון
די פלאנצען, ער האט געוואוסט דאָס געהיימניש פון יעדער יונגער
רויז, ער האט זיך ענדליך אידענטיפיצירט מיט דער גאנצער נאַ־
טור, און ווען עס איז געוואָרען הערבסט, און די בלעטער האָבען
אָנגעהויבען צו פאלען, איז ער געשטאָרבען. האָפמאַן האט, פאר־

קעהרט, אומעטום נאָר געזעהן געשפּענסטער. זיי האָבען ארויסגע־קוקט צו איהם פון יעדען כינעזישען טשייניק, און פון יעדען בער־לינער פּארוק; ער איז געווען א מכשף, וואָס האָט פארוואנדעלט די מענשען אין חיות. און חיות האָט ער זאָגאר פארוואנדעלט אין קע־ניגליך־פּרייסישע הויפראטען; ער האָט די מתים געקענט ארויס־רופען פון די קברים, אָבער דאָס לעבען אליין האָט איהם ארויס־געשטויסען פון זיך, ווי ער וואָלט געווען א רוח. דאָס האָט ער גע־פיהלט; ער האָט געפיהלט, אז ער איז אליין געוואָרען א געשפּענסט; די גאנצע נאַטור איז פאר איהם געווען א שלעכט געשליפענער שפּיגעל, אין וועלכען ער האָט נאָר דערזעהן זיין אייגענע טויטען־מאַסקע, אויף טויזענדערליי אופנים; און זיינע ווערק זענען ניט מעהר ווי א שרעקליכער אנגסט־געשריי אין צוואנציג בענד.

האָפמאַן באַלאַנגט ניט צו דער ראָמאַנטישער שולע. ער איז ניט געשטאַנען אין באַריהרונג מיט די שלעגעלס, און נאָך ווייניגער מיט זייערע טענדענצען. איך האָב איהם דאָ נאָר דערמאָנט אלס געגענזאַץ צו נאָוואַליס, וועלכער איז אין גאנצען געווען א פּאָעט פון יענער שולע.

דאָ, אין פראנקרייך איז נאָוואַליס ווייניגער באַקאַנט ווי האָפ־מאַן, וועלכער איז פון לעווע־וויימאַר פאָרגעשטעלט געוואָרען פאַר דעם פראנצויזישען פּובליקום אין אַזאַ טייערען אנצוג, און האָט זיך דורך דעם ערוואָרבען אין פראנקרייך אזא גרויסען נאָמען. ביי אונז אין דייטשלאַנד איז איצטער האָפמאַן אויף קיין פאַל ניט en vogue, פריהער איז ער עס אָבער געווען. אין זיין צייט האָט מען איהם א סך געלייענט, אָבער נאָר אַזעלכענע מענשען, וועמענס נערווען עס זענען געווען צו שטאַרק אָדער צו שוואַך, אז זיי זאָלען קענען גע־ריהרט ווערען פון מילדע אַקאָרדען. די ווירקליך גייסטרייכע און פּאָעטישע נאַטורען, האָבען פון איהם ניט געוואָלט וויסען. פאַר זיי איז נאָוואַליס געווען א סך ליעבער. אָבער צו זאָגען דעם אמת, האָפמאַן איז אלס דיכטער געווען א סך באַדייטענדער ווי נאָוואַליס. וואָרים נאָוואַליס שוועבט תמיד מיט זיינע אידעאַלישע בילדער אין דער בלויער לופט, אין דער צייט, וואָס האָפמאַן מיט אלע זיינע אויסטערלישע געשטאַלטען, האַלט זיך דאָך תמיד פעסט אַן דער

ערדישער רעאַליטעט. וואָרים פּונקט ווי דער ריעז אַנטעאוס איז געווען אונבאַזיגבאַר, אַזוי לאַנג ווי זיין פוס האָט באַריהרט די ערד, און האָט פאַרלוירען די כחות, אַזוי שנעל ווי הערקולעס האָט איהם אַ הויב געטאָן אין דער הויך, אַזוי איז אויך דער דיכטער שטאַרק און געוואַלטיג, אַזוי לאַנג ווי ער פאַרלאָזט ניט דעם באָדען פון דער ווירקליכקייט, און ער ווערט אָן זיינע כחות, אַזוי שנעל ווי ער הויבט אָן שווערמעריש ארומצושוועבען אין דער בלויער לופט.

די גרויסע עהנליכקייט פון אָט די צוויי דיכטער באַשטעהט איינענטליך אין דעם, וואָס זייער פּאָעזיע איז אַ קראַנקהייט. אין דער הינזיכט האָט מען זיך דאָס אויסגעדריקט, אַז ניט אַ קריטיקער דאַרף באַהאַנדלען זייערע שריפטען, נאָר אַ דאָקטאָר. דער ראָזאָווער שיין אין די דיכטונגען פון נאָוואַליס איז ניט די פאַרב פון געזונדקייט, נאָר פון שווינדזוכט; און די פּורפּורנע גלוט פון האָפמאַנס פאַנטאַסטישע ווערק איז ניט די פלאַם פון דעם געניוס, נאָר פון פיבער.

אָבער האָבען מיר אַ רעכט צו מאַכען אַזעלכענע באַמערקונגען? מיר, וואָס מיר אַליין זענען ניט געבענשט מיט קיין צו גרויסער געזונדקייט? און דאָס איצטער, ווען די ליטעראַטור זעהט אויס ווי אַ גרויס לאַזאַרעט? אָדער איז אפשר די פּאָעזיע אַ קראַנקהייט פון דעם מענשען, פּונקט אַזוי ווי די פּערל איז נאָר דער שטאָף פון דער קראַנקהייט פון וועלכער עס ליידט דער אויסטער?

נאָוואַליס איז געבוירען געוואָרען דעם 2טען מאַי, 1772. זיין אמת'ער נאָמען איז אייגענטליך האַרדענבערג. ער האָט ליעב געהאַט אַ יונגע דאַמע, וואָס האָט געליטען פון שווינדזוכט און איז דערפון געשטאָרבען. אין אַלץ, וואָס ער האָט געשריבען, וועהט אָט די געשיכטע. זיין לעבען איז געווען ווי אַ טרוימערישע גסיסה, און אין יאָהר 1801 איז ער געשטאָרבען פון שווינדזוכט, נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרען ניין און צוואַנציג יאָהר און איידער ער האָט פאַרענדיגט זיין ראָמאַן. אָט דער ראָמאַן איז אין זיין איצטיגער געשטאַלט נאָר אַ פראַגמענט פון אַ גרויסען אַלעגאָרישען געדיכט, וואָס האָט געזאָלט, ווי דאַנטע'ס געטליכע קאָמעדיע פייערן אַלע

הימלישע און ערדישע זאכען. היינריך פאָן אָסטערדינגען, דער באריהמטער דיכטער, איז דער העלד פון דעם ראָמאַן. מיר זעהען איהם אלס יונגען בחור אין אייזענבאך, דעם ליעבליכען שטעדטיל, וואָס ליגט צופוסען פון יענעם אלטען וואַרטבורג, וואו עס איז שוין געשעהן דאָס גרעסטע, אָבער אויך דאָס נאַרישסטע; די בורג, וואו לוטהער האָט איבערזעצט די ביבעל, און וואו עטליכע נאַרישע „דייטשטימלער" האָבען פארברענט דעם זשענדארמעריע-קאָדעקס פון דעם הער קאַמפּף. אין דער דאָזיגער בורג איז אויך פארגעקומען יענער זינגער-קריעג, וואו צווישען אנדערע דיכטער, זיינען אויך אויפגעטראָטען אין א וועט-שטרייט די צוויי דיכטער היינריך פאָן אָסטערדינגען, און קלינגסאָהר פון אונגאַרלאַנד, און זייערע געדיכטען פון יענעם וועט-שטרייט זענען צו אונז איבערגעגאַנגען דורך דער מאַנעסישער זאמלונג. דער וואָס וועט דורכפאַלען — זיין קאָפּ זאָל באַלאַנגען צום תליון. און דער לאַנדגראף פון טהירינגען איז געווען דער דיכטער. באַדייטונגספול הויבט זיך איצט אויף די וואַרטבורג, איבער דער וויעג פון דעם העלד, און נאָוואַליס הויבט אָן זיין ראָמאַן מיט דעם העלד'ס עלטערן הויז אין אייזענבאך. „די עלטערן ליגען שוין און שלאָפען. דער וואַנדזייגער קלאַפּט מיט זיין איינטאָניגען טאַקט, פאַר די קלאַפּענדיגע פענסטער וואָיעט דער ווינד; די שטוב ווערט צייטענווייז העל פון דעם שיין פון דער לבנה.

„דער יונגער בחור איז אַן אומרוהיגער געלעגען אויף זיין געלעגער און געטראַכט פון דעם פרעמדען, און פון זיינע מעשיות. ניט די אוצרות האָבען דאָס דערוועקט אַזא געוואַלטיגען פארלאַנג ביי מיר, — זאָגט ער צו זיך אליין — יעדע האבזוכט איז פון מיר פרעמד, אָבער מיר ווילט זיך זעהן די בלויע בלום. זי ליגט מיר כסדר אין געדאַנקען, און איך קען ניט דיכטען און ניט טראַכטען פון עפּיס אנדערש. אַזוי האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט. מיר איז, ווי איך וואָלט פריהער געלעבט אין אַ חלום, אָדער ווי איך וואָלט זיך אריינגעשלאָפען אין אַן אנדער וועלט; וואָרים אין דער וועלט, וואו איך האָב פריהער געלעבט, האָב איך זיך קיינמאָל ניט געקימערט וועגען בלומען, און ווער רעדט גאָר פון אַזא אויסער-

געוועהנליכער ליידענשאפט צו בלומען האב איך קיינמאל ניט גע־הערט.״

מיט אזעלכענע ווערטער הויבט זיך אן דער ראמאן „היינריך פאן אסטערדינגען״. און אומעטום אין דעם גאנצען ראמאן לייכט און שמעקט די בלויע בלום. זאנדערבאר און פול מיט באדייטונג איז דאס, וואס אפילו די לעגענדארישסטע פערזאנען אין אט דעם בוך, זעהען אונז אויס אזוי באקאנט, ווי מיר וואלטען שוין אין א פריהערדיגע צייט געוועזן מיט זיי אינטים באקאנט. אלטע ערי־נערונגען וואכען אויף, אפילו זאפיא האט אזעלכענע באקאנטע גע־זיכטסצוגען. און עס וואכען אויף אין אונזער זכרון גאנצע אלעען פון בוקאווע ביימער, וואו מיר האבען אמאל שפאציערט מיט איהר אויף און אפ און פרעהליך זיך געלאשצעט. אבער דאס אלץ ליגט אזוי פארשאטענט הינטער אונז, ווי א האלב פארגעסענער חלום.

נאוואלים׳עס מוזע איז געווען א שלאנק, ווייס מיידעל מיט ערענסטע בלויע אויגען, מיט גאלדענע לאקען, ווי היאצינטען, שמייכעלדיגע ליפען און מיט א קליינעם רויטען פלעק אויף דער לינקער זייט פון קין. ווארים איך שטעל מיר פאר די מוזע פון דער נאוואלים׳שער פאעזיע, פונקט ווי דאס מיידעל, וואס האט מיך צום ערשטען מאל באקאנט געמאכט מיט נאוואלים׳ען, ווען איך האב דערזעהן אין איהרע הענד דעם רויטען מאראקאבאנד מיט דעם גאלדשנים, וואס האט ענטהאלטען דעם „אסטערדינגען״. זי האט אלעמאל געטראגען א בלוי קלייד און האט געהייסען זאפיא. זי האט געוואוינט עטליכע סטאציאנען פון געטינגען ביי איהרער א שוועס־טער, וואס איז געווען די פאסטמייסטערין, דאס איז געווען א פרעהליכע, דיקע, רויטבאקיגע פרוי מיט א הויכען בוזים, וועלכער האט מיט זיינע אויסגעצאקטע שפיצען אויסגעזעהן ווי א פעסטונג; אט די פעסטונג איז אבער געווען אונבאזיגבאר. די פרוי איז געווען א גיבראלטאר פון פרומקייט. זי איז געווען א טעטיגע, באלעבא־טישע, פראקטישע פרוי, און דאך פלעגט זיין איהר איינציגער פאר־געניגען צו לייענען האפמאנ׳ס ראמאנען. אין האפמאנ׳ען האט זי געפונען דעם מאן, וואס האט פארשטאנען ווי אזוי אויפצוטרייסלען איהר הארטע נאטור און ברענגען זי אין אנגענעהמע באוועג־

גונג. פארקעהרט ווידער, פאר איהר בלאסער. צארטער שוועסטער, איז געוועזן געגוג זי זאָל א קוק טאָן אויף האָפמאַן'ס א בוך, אז זי זאָל זיך פיהלען אונאנגענעהם. און טאָמיר האָט זי גיט זעהענדיג באַריהרט אזא בוך האָט זי אזש אויפגעציטערט. זי איז געוועזן אזוי צאַרט ווי א זון־פלאַנץ, און איהרע ווערטער זענען געוועזן אזוי שמעקעדיג, אזוי ריינקלינגענדיג, אז ווען מען האָט זיי צוזאַמענגעשטעלט זענען זיי געוועזן פערזען. א טייל פון דעם, וואָס זי האָט גערעדט, האָב איך אויפגעשריבען. און דאָס זענען יאַנדערבארע גערדיכטען אין גאנצען אין נאָוואליס'עס גייסט. נאָר נאָך גייסטיגער און אויסגעהעגדיגער. איינס פון אָט די גערדיכטען, וואָס זי האָט גערעדט צו מיר ביים געזעגענען זיך, איידער איך בין אָפגעפאָהרען קיין איטאַליען, איז מיר באזונדערס ליעב. אין א הערבסטיגען גאָרטען, וואו עס איז פאָרגעקומען אן אילומינאַציאָן, הערט מען דעם שמועס צווישען די לעצטע לעמפּלעך, דער לעצטער רויז און דעם לעצטען שוואָן. די נעבלען פון פריהמאָרגען קומען אָן. דאָס לעצטע לעמפעל לעשט זיך אוים, די רויז בלייבט אָהן בלעטער און דער שוואָן שפרייט אויס זיינע ווייסע פליגעל און פליהט צום דרום.

אין האַנאָווער זענען פאַראַנען ווילדע שוואַנען, וואָס אין הערבסט וואנדערן זיי אויס אין די ווארימע לענדער און אין זומער קומען זיי צו אונז צוריק. דעם ווינטער פארברענגען זיי וואהרשיינליך אין אפריקא. וואָרים אין דער ברוסט פון א טויטען שוואַן האָבען מיר אמאָל געפונען א פייל, וועלכע פּראָפעסאָר בלומענבאַך האָט דערקענט פאָר אן אפריקאַנישע. דער אָרימער פויגעל! מיט דער פייל אין דער ברוסט האָט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זיין נעסט אין צפון, כדי דאָרט צו שטאַרבען. אָבער ניט איינער פון די שוואַנען, וואָס איז געטראָפען געוואָרען פון אזעלכענע פיילען, האָט וואהרשיינליך שוין ניט געהאט קיין כח צו פאָרענדיגען זיין רייזע, און ער איז אָהן כחות אויסגעגאַנגען אין דעם ברענענדיגען זאַמדיגען מדבר, אָדער ער זיצט מיט אויסגעמאַטערטע פליגעל אויף איינער פון די עגיפּטישע פּיראַמידען און קוקט א פאַרבענקטער קיין צפון, און בענקט נאָך דעם קיהלען זומער - נעסט אין לאַנד האַנאָווער.

בעת איך האָב שפּעט אין הערבסט פון יאָהר 1828 זיך צו־ריקגעקעהרט פון דרום (און דאָס, מיט דער ברענענדיגער פייל אין דער ברוסט), האָט מיך מיין וועג געפיהרט ניט ווייט פון געטינגען, און איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביי מיין דיקער פריינדין, די פּאָסט־מייסטערין, כדי צו בייטען די פערד. איך האָב זי שוין ניט געהאַט געזעהן זינט יאָהרען און די גוטע פרוי האָט אויסגעזעהן זעהר פאַר־ענדערט. איהר בוזים איז נאָך אַלץ געווען גלייך צו א פעסטונג, אבער ווי אן איינגעפאַלענע; די באַסטיאָנען צוגראָבען, די צוויי הויפּט טורעמס — גאָר הענגענדיגע חורבות, קיין וואַך־סאָלדאַטען האָבען מעהר ניט באַוואַכט דעם אריינגאַנג, און דאָס הארץ, די ציטאַדעלע, איז געווען געבראָכען. ווי איך האָב זיך דערוואוסט פון דעם פּאָסטיליאָן פּיעפּער, האָט זי אפילו פארלוירען דעם חשק צו האָפּמאַנ'ס ראָמאַנען, דערפאַר האָט זי איצטער פאַר'ן שלאָף געטרונקען מעהר בראָנפען. דאָס איז אויך א סך איינפאַכער; וואָ־רים אביסעל בראָנפען האָבען די מענשען אַלע מאָל אין דער היים. פארקעהרט ווידער, האָפּמאַנ'ס ראָמאַנען האָט מען ערשט געמוזט פאָהרען ברענגען פיער שטונדען ווייט פון דאָרטען, אויס דער „קווערליכ'שער לעזע־ביבליאָטעק" אין געטינגען. דער פּאָסטיליאָן פּיעפּער איז געווען א קליינער חברה־מאַן, וואָס האָט דערצו נאָך אויסגעזעהן אזוי זויער, גלייך ווי ער וואָלט געטרונקען עסיג און איז דערפון געוואָרען איינגעשרומפּען. ווען איך האָב איהם געפרעגט אויף דער פּאָסטמייסטערינס שוועסטער, האָט ער מיר געענטפערט: מאַדאַמואַזעל זאָפיא וועט באַלד שטאַרבען, זי איז שוין איצטער א מלאך. וואָס פאַר א טייער באשעפעניש האָט זי דאָס געמוזט זיין, אז אפילו דער זויערער פּיעפּער האָט געזאָגט וועגען איהר, אז זי איז א מלאך! דאָס פּאָסטהויז, וואָס האָט אמאָל אויסגעזעהן לאַבענדיג ווייס, האָט זיך פארענדערט פּונקט ווי זיין באַלעבאָסטע. עס איז געווען קראַנקהאַפט פארגעלט, און די מויערען האָבען געקראַגען טיפע קנייטשען. אין הויף זענען געלעגען צובראָכענע וועגענער, און לעבען דעם הויפען מיסט האָט אויף א שטאַנג געהאַנגען צום טרו־קענען א דורכגענעצטער, שאַרלאַכרויטער פּאָסטיליאָנס־מאַנטעל. מאַדאַמואַזעל זאָפיא איז געשטאַנען אויבען ביים פענסטער און

געלייענט. און ווען איך האָב צו איהר ארויפגעקוקט, האָב איך אין איהרע הענד ווידער געזעהן א בוך, וואָס איז געווען געבונדען אין רויטען מאַראָקאָ, און האָט געהאַט א גאָלדשניט, און דאָס איז וויד־דער געווען נאָוואַליס'עס ראָמאַן „היינריך פאָן אָפטערדינגען". זי האָט נאָך אַלץ געלייענט דאָס בוך און האָט זיך דערפון ארויסגע־לייענט די שווינדזוכט, און אויסגעזעהן האָט זי, ווי א לייכטענדי־גער שאָטען. זי האָט אבער איצטער געהאַט אין זיך אזא גייסטיגע שענקייט, אז ווען איך האָב זי דערזעהן, האָט דאָס מיך שרעקליך געריהרט. איך האָב אָנגענומען איהרעביידע בלאַסע, מאָגערע הענד, און האָב איהר טיף ארייגעקוקט אין די בלויע אויגען, און ענדליך האָב איך זי געפרעגט:

„מאַדאַמואַזעל זאָפיא, ווי פיהלט איהר זיך?" — איך פיהל זיך גוט — האָט זי געענטפערט. — און באַלד וועל איך זיך פיה־לען נאָך בעסער! — און זי האָט מיר דורכ'ן פענסטער אָנגעוויזען אויף דעם נייעם גוטען אָרט, א קליין בערגיל ניט ווייט פון הויז. אויף דעם דאָזיגען פוסטען בערגיל איז געשטאַנען איין איינציגער שמאָלער און דאַרער טאָפּאָל, אויף וועלכען עס האָבען נאָך געהאַנ־גען עטליכע בלעטער, און ער האָט זיך באַוועגט אינ'ם הערבסט־ווינד, ניט ווי א לעבעדיגער בוים, נאָר ווי דער געשפּענסט פון א בוים.

אונטער יענעם טאָפּאָל ליגט איצטער מאַדאַמואַזעל זאָפיא. און דער אָנדענק, וואָס זי האָט איבערגעלאָזען, דאָס בוך אין רויטען מאַראָקאָ מיט גאָלדשניט, נאָוואַליס'עס ראָמאַן „היינריך פאָן אָפטערדינגען" ליגט גראַד איצטער אויף מיין שרייבטיש און איך באַנוץ עס ביים אָפּשליסען דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל.

## 1.

קענט איהר כינא, דאס פאטערלאנד פון געפליגעלטע דראקאנען און פון פארצעלאיענע טשייניקעס? דאס גאנצע לאנד איז א קאבינעט פון זעלטענהייטען, וואס איז ארומגערינגעלט מיט אן אונמענשליכער לאנגער מויער און מיט הונדערט טויזענד טארטארישע זעלנער. אבער די פייגעל און די געדאנקען פון די אייראפעאישע געלערנטע פליהען דארט אריבער, און ווען זיי האבען זיך דארט גענוג אנגעזעהן און קומען אהיים, דערצעהלען זיי אונז די טייערסטע זאכען פון אט דעם קוריאזען לאנד און פון דעם קוריאזען פאלק. די נאטור מיט איהרע שרייענדיגע פארפלאכטענע ערשיינונגען, אויסטערלישע ריזיגע בלומען, קארליק-בוימער, אויסגעשניצטע בערג, וואונדערליך-תאוה'דיגע פרוכטען, גאוה'דיג געפוצטע פייגעל, איז דארט פונקט אזא פאבעלהאפטע קאריקאטור, ווי דער מענש מיט זיין שפיציגען קאפ און לאנגען צאפ, זיינע פארבייגונגען, לאנגע נעגעל, אלט-קלוגע באשעפענישען און קינדיש איינזילביגער שפראך. דער מענש און די נאטור קענען ניט קוקען איינס אויף דאס אנדערע, אז עס זאל ביי זיי ניט ארויסרופען קיין געלעכטער. זיי לאכען אבער ניט הויך אויפ'ן קול, ווייל ביידע זענען זיי צו ציוויליזירט און העפליך; און כדי איינצוהאלטען דאס געלעכטער, שטעלען זיי אן די נארישסטע ערענסטע פנימ'ער. דארט איז ניטא ניט קיין שאטען און ניט קיין פערספעקטיווע. אויף די פיעלפארביגע הייזער הויבען זיך אויף איינע איבער די אנדערע א גאנצע מאסע מיט דעכער, וואס זעהען אויס ווי צועפענטע רעגענשירמען, און אויף זיי הענגען לויטער מעטאלענע גלעקלעך, אזוי, אז אפילו דער ווינד, ווען ער לויפט פארביי, מוז ער זיך לעכערליך מאכען דורך א נארישען קלינגען.

אין אזא הויז מיט גלעקלעך האט אמאל געוואוינט א פרינצעסין, וועמענס פיסלעך עס זענען געווען נאך קלענער ווי די פיסלעך פון די איבעריגע כינעזערינס, וועמענס קליינע, קרומליכע אויגעלעך האבען געבלינצעלט נאך טרוימעריש־זיסער ווי די אויגעלעך פון די איבעריגע דאמען אין דער הימלישער מלוכה, און אין וועמענס לאכענדיגען הארץ עס האבען זיך געפונען די ווילדסטע קאפריזען. איהר העכסטע פרייד איז געווען, ווען זי האט געקענט צורייסען די טייערע זיידענשטאפען און גאלד־שטאפען. ווען דאס האט גוט געשארשעט אונטער איהרע פינגער, האט זי אזש אויפגעשריען פאר פרייד. ווען זי האט אבער ענדליך איהר גאנץ פארמעגען פארשווענדט אויף אזעלכענע קאפריזען, ווען זי האט געהאט צוריסען איהר גאנץ האב און גוטס, איז זי ביי א פארזאמלונג פון אלע מאנדארינען ערקלעהרט געווארען פאר אן אונהיילבארע משוגע'נע און מען האט זי איינגעשפארט אין א קיילעכדיגען טורעם.

אט די כינעזישע פרינצעסין, דער פערזאניפיצירטער קאפריז, איז אין דערזעלביגער צייט אויך די פערזאניפיצירטע מוזע פון א דייטשען דיכטער, וואס אין דער געשיכטע פון דער ראמאנטישער פאעזיע, טאר ער ניט בלייבען ניט דערמאנט. דאס איז די פאעזיע, וואס לאכט אונז אקעגען אזוי משוגע פון די פאעזיען פון דעם הער קלעמענס ברענטאנא. אט צורייסט זי די גלאטסטע אטלאסענע שלעפען און די גלענצענדסטע גאלדענע טראלדען, און איהר צושטערונגס־זיכטיגע ליעבענסווירדיקייט און איהר פון פרייד אויפשרייענדיגע בליהענדיגע ווילדקייט פילען אן אונזערע נשמות מיט אונהיימליכע ענטציקונגען און מיט א מאדנעם אנגענעהמען שרעק. פאר די לעצטע פופצעהן יאהר לעבט אבער דער הער ברענטאנא אפגעזונדערט פון דער וועלט, איינגעשלאסען, יא, נאכמעהר, איינגעמויערט אין זיין קאטוליציזם. עס איז שוין מעהר ניט געווען עפיס טייערס צום צורייסען. ער האט, ווי מען זאגט, צוריסען די הערצער, וואס האבען איהם ליעב געהאט, און יעדער איינער פון זיינע פריינד באקלאגט זיך אויף א שלעכטע באהאנדלונג. צום מייסטען האט ער אויסגענוצט זיין חשק צום צושטערען

אַקעגען זיך אַליין און אַקעגען זיין פּאָעטישען טאַלענט. איך מאַך באַזונדערס אויפמערקזאַם אויף א לוסטשפּיעל פון אַט דעם דיכ־טער, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פאַנס דע ליאָן." עס איז ניטאָ עפּיס מעהר צוריסענעס ווי אַט דאָס שטיק. סאַי אין דער הינזיכט פון געדאַנק און סאַי אין דער שפּראַך. אָבער אַט די אַלע צופּליק־טע שטיקער לעבען און קרייזלען זיך אין אַ פּיעלפאַרביגער לוסט. עס דאַכט זיך איינעם, אַז ער זעהט אַ מאַסקענבאַל פון ווערטער און געדאַנקען. אַלץ טומעלט זיך אין דעם זיסטען מיש־מאַש, און נאָר דער בשותפות'דיגער שגעון ברענגט אַרויס אַ געוויסע איינהייט. ווי אַרלעקינס לויפען אַרום איבער דעם גאַנצען שטיק די ווילדסטע וואָרטשפּיעלען, און שלאָגען אומעטום מיט זייערע גלאַטע ראַפּני־קעס. צייטענווייז דערזעהט מען אַן ערענסטע מליצה, שטאַמעלט זי אָבער ווי דער דאָקטאָרע פון באָלאָניאַ. דאָרט שלענדערט אַרום אַ פראַזע ווי אַ ווייסער פּיעראָט מיט צו גרויסע שלעפּענדיגע אַרבעל און צו גרויסע קנעפּ ביי דער וועסט. דאָרט שפּרינגען הויקערדיגע וויצען מיט קורצע פיסעלעך ווי אַ קלאָון. ליעבע ווערטער פלאַ־טערן אַרום ווי דרייצענדיגע קאָלאָמבינען מיט אַ טרויער אין האַר־צען. און דאָס אַלץ טאַנצט און שפּרינגט און ווירבעלט און דרעהט זיך און איבער דעם אַלעמען דערהערען זיך די טראָמפּייטען פון דער באַקכאַנטישער צושטערונגס־לוסט.

אַ זעהר מערקווירדיגע זאַך איז אויך אַ גרויסע טראַגעדיע פון דעמזעלביגען דיכטער מיט'ן נאָמען: „די גרינדונג פון פּראַג". אין דער טראַגעדיע זענען פאַראַנען סצענען, וואו מען ווערט אַנגעוועהט פון די געהיימניספולסטע שוידערן פון די פאַרצייטיגע לעגענדען. דאָרטען רוישען די פינסטערע בעהמישע וועלדער. דאָרט דרעהען זיך נאָך אַרום די צאָרניגע געטער פון די סלאַווען, דאָרטען זינגען נאָך די היידנישע נאַכטיגאַלען; אָבער די שפּיצען פון די בוימער באַשטראַהלט שוין די זאַנפטע מאָרגענרויטקייט פון קריסטענטום. דער הער ברענטאַנאָ האָט אויך געשריבען עטליכע גוטע ערצעה־לונגען. איינע פון זיי איז „די געשיכטע פון דעם בראַווען קאַספּערל און דער שענער אַנערל." ווען די שענע אַנערל איז נאָך געווען אַ קינד, איז זי מיט איהר באָבען געגאַנגען צו אַ תליון, כדי דאַר־

טען צו קויפען עטליכע רפואות, ווי דאס פלעגט זיין דער מנהג צווישען דעם פשוט'ען עולם אין דייטשלאנד. פלוצלינג אבער האט זיך עפּים אנגעהויבען צו ריהרען אין דער גרויסער שאפע, לעבען וועלכער די שענע אנערל איז גראד געשטאנען. און דאס קינד האט מיט שרעק אויסגערופען: א מויז! א מויז! דער תליון האט זיך אבער נאך מעהר דערשראקען, ער איז געווארען ערענסט ווי דער טויט און האט געזאגט צו דער באבע: „ליעבע פרוי! אין דער שאפע הענגט מיין תליונ'ישע שווערד. און אט די שווערד ריהרט זיך יעדעס מאל פון זיך אליין, ווען עס דערנעהנטערט זיך צו איהר עמיצער, וואס וועט אמאל געקעפט ווערען. מיין שווערד לעכצט נאך דעם בלוט פון דעם דאזיגען קינד. ערלויבט מיר, אז איך זאל דער קליינער מיט דער שווערד נאר א קראץ טאן איבער'ן העלזעל. די שווערד וועט דאן זיין צופרידען געשטעלט מיט א טראפען בלוט און וועט שוין מעהר ניט דורשטען נאך איהר בלוט." די באבע האט זיך אבער ניט געוואלט צוהערען צו דער דאזיגער קלוגער עצה, און דער סוף איז געווען, אז שפעטער האט זי ביטער חרטה געהאט, ווארים די שענע אנערל איז ווירקליך געקעפט געווארען מיט דער זעלביגער שווערד.

דער הער קלעמענס ברענטאנא מוז איצטער אלט זיין ארום 50, און ער וואוינט אין פראנקפורט, צוריקגעצויגען ווי א נזיר. ער איז א קארעספאנדירענד מיטגליעד פון דער קאטוילישער פראפאגאנדא. זיין נאמען איז אין דער לעצטער צייט כמעט ווי פארגעסען. און נאר ווען עס קומט צו רייד וועגען די פאלקס־ליעדער, וואס ער האט ארויסגעגעבען צוזאמען מיט זיין פארשטארבענעם פריינד אכים פאן ארנים, ווערט ער נאך טיילמאל דערמאנט. ווארים ער האט צוזאמען מיט זיין פריינד ארויסגעגעבען א זאמלונג ליעדער אונטער דעם נאמען „דעם אינגעלס וואונדערהארן", וואס זיי האבען געפונען טיילווייז נאך ביים פאלק אליין און טיילווייז אויך אין זעלטענע געדרוקטע שריפטען. איך האב ניט גענוג ווערטער צו לויבען אט דאס בוך; דארטען געפינען זיך די חנ'עוודיגסטע בליטהען פון דעם דייטשען גייסט, און ווער עס וויל זיך באקענען מיט דעם דייטשען פאלק פון א ליעבענסווירדיגער זייט, דער זאל לייענען די

דאָזיגע פאָלקס־ליעדער. אין דעם אויגענבליק ליגט דאָס דאָזיגע בוך פאַר מיר, און מיר איז, ווי איך וואָלט דערשמעקט דעם ריח פון די דייטשע לינדען. וואָרים דער לינדענבוים שפּיעלט די הויפּט ראָל אין אַט די ליעדער. אין זיין שאָטען זיצען פאַר נאַכט די ליעבע פּאָרלעך, ער איז זייער ליעבלינגס־בוים, און אפשר דער־פאַר, ווייל דאָס בלאַט פון לינדענבוים זעהט אויס ווי אַ מענשליך האַרץ. די דאָזיגע באַמערקונג האָט אמאָל געמאַכט אַ דייטשער דיכטער, וועלכער איז מיר צום ליעבסטען. און דאָס איז נעמליך — איך. אויף דעם שער־בלאַט פון יענעם בוך, איז אויסגעמאָלט אַ אינגעל, וואָס בלאָזט אין אַ האָרן; און ווען אַ דייטש, וואָס איז אין דער פרעמד, קוקט לאַנג אויף אַט דעם בילד, דאַכט זיך איהם, אַז ער הערט די גוט־באַקאַנטע טענער, און ער הויבט אָן בענקען אַהיים. ווי דאָס איז געשעהן מיט דעם שווייצער סאָלדאַט, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך אין דער שטראַסבורגער פעסטונג, און ווען ער האָט פון ווייטען דערהערט דעם פאַסטוך׳ס האָרן, האָט ער אוועקגעוואָרפען די פּיקע, און זיך געלאָזט שווימען איבער דעם רהיין. מען האָט איהם אָבער באַלד געכאַפּט און ער איז דערשאָסען געוואָרען אַלס דעזערטיער. אין „דעם אינגעלס וואונדער־האָרן“ גע־פינט זיך וועגען דעם אַט אַזאַ ריהרענד ליעד:

אין שטראַסבורג אויף דער שאַנץ,
דאָרט האָב איך זיך פאַרבענקט.
איך האָב געהערט דעם אַלפּהאָרן בלאָזען,
האָב איך זיך שווימען אַהיים געלאָזען,
און האָב דאָס אויסגעקרענקט.

אַ שעה אין מיטען דער נאַכט,
דאַן האָבען זיי מיך געבראַכט,
זיי האָבען געפיהרט מיך צום הויפּטמאַנס הויז,
זיי האָבען געשלעפּט מיך פון טייך אַרויס,
מיט מיר איז אויס.

צו מארגענס אין דער פריה,
האט מען מיך געשלעפט ווי א פיה,
אז איך זאל בעטען פאר מיין לעבען,
האט מען מיר ניט געוואלט פארגעבען,
וואס קען איך טאן?

איהר ברידער אלע דא,
דאס איז מיין לעצטע שעה.
און שולדיג איז דעם פאסטוך'ס הארן,
ער האט געבראכט אויף מיר דעם צארן.
אוי, דעם פאסטוך'ס הארן — — — —

וואס פאר א שען געדיכט! אין די דאזיגע פאלקס־ליעדער ליגט א וואונדערבארער צויבער. די קונסט־פאעטען ווילען נאכ־מאכען אט די נאטור־ליעדער, אויף דעמזעלביגען אופן ווי מען מאכט געקינצעלט מינעראל־וואסער. דער אמת איז אבער, אז ווען אפילו עס געלינגט זיי דורך כעמישע פראצעסען צונויפצושטעלען די פארשיעדענע באשטאנדטיילען, פעהלט זיי דאך דער עיקר, די סימפאטישע נאטור־קראפט, וואס קיין זאך קען זי ניט דערזעצען. אין די דאזיגע ליעדער פיהלט מען דעם פולס פון דייטשען פאלק. אין זיי אנטפלעקט זיך זיין גאנצע טרויעריגע פרעהליכקייט, זיין גאנצע נארישע פארנונפט. אין זיי קלאפט דער דייטשער צארן, אין זיי פייפט דער דייטשער שפאט, אין זיי קושט די דייטשע ליעבע. דא פערילט זיך דער עכטער דייטשער וויין און די עכטע דייטשע טרעהר. דאס לעצטע איז טיילמאל נאך טייערער ווי דאס ערשטע; אין זיי איז פאראן א סך אייזען און א סך זאלץ. וואס פאר א נאיווי־טעט ליגט אין זייער געטרייקייט! און וואס פאר אן עהרליכקייט ליגט אין דער פאלשקייט! וואס פאר אן עהרליכער יונג איז דער ארימער טרפה'נער האלז, הגם ער איז א רויבער! הערט זיך צו צו דער פלעגמאטיש־ריהרענדער געשיכטע, וואס ער דערצעהלט פון זיך אליין:

איך קום צו געהן אין שענק אריין.
מען פרעגט מיך ווער איך בין.
איך האב ליעב צו עסען גוט,
א פרעסער אט וואס כ'בין.

מען פיהרט מיך אין דער שטוב אריין,
מען גיט מיר אנצוטרינקען.
און מיינע אויגען לויפען ארום,
דעם בעכער לאז איך זינקען.

מען זעצט מיך אויבען אן ביים טיש,
ווי כ'וואלט א סוחר זיין,
און ווען עס קומט צו צאהלען, איז
גאר ליידיג ס'זעקעל מיין.

און וויל איך ביינאכט מיר שלאפען געהן,
פיהרט מען מיך אין שייער,
דאן האט מיך ארימען פרעסער גאר,
דאס לאכען געקאסט צו טייער.

און ווען איך בין אין שייער אריין,
האב איך אנגעהויבען ניסען.
עס האבען די דערנער געשטאכען מיך,
דערנער איז געווען מיין קישען.

און ווען איך שטעה אויף אין דער פריה,
א פראסט ליגט אויף די זאכען,
האב איך ארימער פרעסער געמוזט
פון מיין אומגליק לאכען.

האָב איך גענומען די שווערד אין דער האַנד,
און אָנגעגורט די זייטען;
געמוזט האָב איך אַרימער געהען צו פוס,
ווייל כ'האָב ניט געהאַט צו רייטען.

האָב איך זיך אויפגעהויבען שנעל,
געלאָזט זיך אויף די שטראַסען,
קומט מיר אַקעגען א רייכער מאַן,
ליידיג איך אוים איהם די טאַשען.

אַט דער פּרעסער איז דער דייטשעסטער כאַראַקטער, וואָס איך קען. וואָס פאַר א באַוואוסטע קראַפט הערשט אין דעם ליעד! איהר זאָלט זיך אָבער אויך באַקענען מיט אונזער גרעטעל. זי איז אַן אויפריכטיג מיידעל און איך האָב זי זעהר ליעב. האַנס זאָגט צו גרעטעלען:

„טו, גרעטעל אַן דיין פאַרטוכעל,
און קום מיט מיר אַוועק.
דער קאָרן איז אָפּגעשניטען,
דער וויין איז שוין אין וועג.“

זי ענטפערט פרעהליך:

„אַך, האַנסעלע, מיין האַנסעלע,
דו לאָז מיך ביי דיר זיין.
אין דער וואָכען אויפ'ן פעלד,
און יום טוב ביי דעם וויין.“

ער נעמט זי אַן ביים הענטעלע,
ביי איהר שנעע־ווייסער האַנד,
און פיהרט זי אין א שענק אריין,
וואָס שטעהט אין מיטען לאַנד.

„גו,ווירטין, ליעבע ווירטין,
דערלאַנגט אהער דעם וויין.
אַט דער גרעטעל׳ס קליידער,
וועלען אַ משכן זיין.“

און גרעט הויבט אָן צו וויינען,
איהר אומעט איז גאָר גרויס,
און איהרע ליכטיגע טרעהרען
גיסען פון ד׳אויגען ארויס.

„אַך, האַנסעלע, מיין האַנסעלע,
דו האָסט ניט גערעדט אזוי,
ווען דו האָסט מיך אוועק געפיהרט
פון מיין טאַטענס הויז.“

ער נעמט זי אָן ביים הענטעלע,
ביי איהר שנעע־ווייסער האנד,
און פיהרט זי צו אַ גערטעלע
וואָס שטעהט אין מיטען לאַנד.

„אַך, גרעטעל, ליעבע גרעטעל,
וואָס וויינסטו אזוי זעהר?
צי האָסטו מורא פאַר דיין מוט,
צי אפשר פאַר דיין עהר׳?“

„איך האָב ניט מורא פאַר מיין מוט,
און אויך ניט פאַר מיין עהר!
איך האָב נאָר מורא פאַר מיין קלייד,
איך וועל׳ס צוקנייטשען זעהר.“

דאָס איז ניט קיין גרעטכען ווי געטהע האָט זי געשילדערט
און איהר חרטה וואָלט ניט געווען קיין שטאָף פאַר די בילדער

פון שעפער'ן. דא איז ניטא קיין דייטשער לבנה־שיין, און פונקט אזוי ווייניג סענטימענטאליטעט איז אויך פאראן אין דעם ליעד. ווען א יונגער פרענט פארלאנגט אין מיטען נאכט, אז זיין מיידעל זאל איהם אריינלאזען, און זי זאגט איהם אפ מיט די ווערטער:

„דו רייט צו יענעם וועג,
דו רייט צו יענעם סטעפ,
פון וואנען ביזט געקומען,
דארט ליגט א ברייטער שטיין,
דיין קאפ אויף איהם נאר לעג,
קיין פעדערן טראגסט ניט אוועק."

דערפאר אבער שטראהלט שוין דער לבנה־שיין, אבער לבנה־שיין אויף אזוי פיעל, אז ער פארגיסט די גאנצע נשמה, אין דעם ליעד:

ווען איך זאל א פייגעלע זיין,
און האבען פליגעלעך צוויי,
וואלט איך געפלויגען צו דיר,
און ווייל דאס קען ניט זיין,
בלייב איך דא ביי מיר.

און בין איך ווייט פון דיר,
בין איך דאך אין שלאף ביי דיר,
און רעד מיט דיר;
און ווען איך כאפ זיך אויף,
בין איך אליין.

עס פארגעהט ניט א שעה אין דער נאכט,
מיין הארץ זאל ניט זיין אויפגעוואכט,
און איך זאל אן דיר ניט געדענקען;
אז דו האסט פיעל טויזענד מאל,
דיין הארץ געטאן מיר שענקען.

און פרעגט מען ענטציקט ווער איז געווען דער פערפאַסער פון אַט די ליעדער, ענטפערן זיי אַליין אין זייערע שלוסווערטער:

ווער האָט דאָס שענע ליעדעל אויסגעטראַכט?
דאָס האָבען דריי גענז איבער'ן וואַסער געבראַכט.
צוויי גרויע און איינע אַ ווייסע.

געוועהנליך אָבער ווערען אַזעלכענע ליעדער פערפאַסט פון מענשען וואַנדערער, וואַגאַבונדען, סאָלדאַטען, רייזענדע סטודענטען, און בעל־מלאכה־יונגען. באַזונדערס פון די לעצטע. ווען איך האָב געוואַנדערט צו פיס, האָב איך אָפט פאַרקעהרט מיט די לייט און האָב באַמערקט, ווי טיילמאָל ווען זיי ווערען אָנגערעגט פון עפּיס אַן אויסערגעוועהנליך געשעהעניש, אימפּראָוויזירען זיי אַ שטיק פאָלקס־ליעד אָדער פייפען אריין אין דער פרייער לופט. דאָס כאַפּען אויף די פייגעלעך וואָס זיצען אויף די צווייגען פון די ביימער; און געהט פאַרביי אַן אַנדער וואַנדער־יונג מיט זיין רענצעל און מיט דעם רייזע־שטעקען, דאַן פייפען איהם די פייגעל דאָס שטיק אין אויער אריין, און ער זינגט צו די פערזען וואָס פעהלען דערצו און דאָס ליעד איז פאַרטיג. די ווערטער פאַלען אַזאַ יונג אַראָפּ פון הימעל אין מויל אריין, און ער דאַרף זיי נאָר ארויסריידען, און זיי זענען דאַן אַ סך פּאָעטישער ווי אַלע שענע פּאָעטי־פּאָעטישע פראַזען, וואָס מיר גריבלען אַרויס אויס דער טיפעניש פון אונזער האַרץ. דער כאַראַקטער פון יענע בעל־מלאכה־יונגען לעבט און וועבט אין די דאָזיגע פאָלקס־ליעדער. דאָס איז אַ מערקווירדיגער סאָרט מענשען. אָהן אַ סו אין דער טאַש וואַנדערן זיי איבער גאַנץ דייטשלאַנד, אונשעדליך, פרעהליך און פריי. געוועהנליך האָב איך אויסגעפונען, אַז אויף אַזעלכענע וואַנדערונגען געהען זיי צו דריי מיט אַמאָל. פון אַט די דריי איז איינער דער רעזאָנער. ער רעזאָנירט מיט הומאָר וועגען אַלץ, וואָס קומט פאָר, וועגען יעדען מוסטער־רייטער, וואָס רייט פאַרביי, און טאָמיר קומען זיי אַן אין אַ שלעכטער נעגענד, וואו עס געפינען זיך אָרימע כאַטעס, און וואו עס וואויגען קבצנים, דעמאָלט באַמערקט ער איראָ־

ניש : „דער ליעבער נאָט האָט די וועלט באשאפען אין זעקס טעג, אָבער זעהט נאָר, דאָס איז שוין איינמאָל אַן ארבייט! דער צוויי־טער פון די וואַנדערער וואַרפט נאָר אריין עטליכע צאָרניגע באַ־מערקונגען; ער קען ניט ארויסרעדען קיין וואָרט ער זאָל דערביי ניט שעלטען; ער רעדט מיט כעס אויף אַלע זיינע באַלעבאַטים, ביי וועלכע ער האָט געארבייט; און זיין שטענדיגער רעפריין איז: ווי שטאַרק ער האָט חרטה, פאַרוואָס ער האָט זיין באַלעבאַסטע פון האַלבערשטאַדט, וועלכע פלעגט איהם אַלע טאָג געבען ברויט מיט וואַסער ריבען, ניט איבערגעלאָזט אַלס אַנדענק אַ פּאָר געזונטע קלעפּ. ביי דעם וואָרט „האַלבערשטאַדט" זיפצט דער דריטער יונג פון טיעפען הארצען; ער איז דער אינגסטער. און דאָס איז צום ערשטען מאָל, וואָס ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער וועלט אריין, און ער געדענקט נאָך אַלץ זיין געליעבטע מיט די ברוינ־שוואַרצע אויגען, לאָזט אַלעמאָל דעם קאָפּ ארונטערהענגען און רעדט ניט אוים קיין וואָרט.

„דעם אינגעלס וואַנדעהאָרן", איז אַ מערקווירדיגער מאָנו־מענט אין אונזער ליטעראַטור. און האָט אויף די ליריקער פון דער ראָמאַנטישער שולע, באזונדערס אויף אונזער אויסגעצייכענטען אוהלאַנד, געהאַט אַ צו גרויסען איינפלוס, אז איך זאָל איהם לאָזען פאַרבייגעהן אָהן אַ באמערקונג. דאָס דאָזיגע בוך און דאָס „ניע־בעלונגען־ליעד" האָבען געשפּיעלט די הויפּט ראָל אין יענעם פּער־יאָד. עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט ניט גערעדט וועגען עפּיס אַנדערש. נאָר פון „ניעבעלונגען־ליעד". און די קלאַסישע פי־לאָלאָגען האָט עס ניט ווייניג געקרענקט ווען מען האָט דעם דאָזי־גען עפּאָס פאַרגלייכט מיט דער איליאַדע, אָדער ווען מען האָט זיך נאָר גע'פּלפּול'ט, וועלכעס פון אָט די צוויי געדיכטען איז בעסער. דאָס פּובליקום האָט דערביי אויסגעזעהן ווי אַ אינגעל, וועמען מען פרעגט ערענסט: וואָס האָסטו ליעבער, אַ פערד צי אַ פעפערקו־כען? אַלענפאַלס פאַרמאָגט אָבער אָט דאָס ניעבעלונגען־ליעד אַ זעהר גרויסען כח. אַ פראַנצויז קען קוים האָבען אַ באַגריף דערפון. און ווער רעדט נאָר פון דער שפּראַך, אין וועלכער עס איז געדיכ־טעט. דאָס איז אַ שפּראַך פון שטיין און די פערזען זענען אויך ווי

געהויערטע שטיינער. דאָ און דאָרטען שפּראָצען ארויס פון די שפּאַלטען רויטע בלומען, ווי בלוט־טראָפּענס, אָדער עס ציהט זיך ארונטער דער לאַנגער וויינריב, ווי גרינע טרעהרען. פון די ריעזיגע ליידענשאַפּטען אין דעם געדיכט קען איהר קליינע פיינע מענ־שעלעך אויך קיין השגה ניט האָבען. שטעלט אייך פאָר, ווי עס וואָלט געווען א העלע זומערנאַכט. די שטערען, בלייך ווי זילבער, אָבער גרויס ווי זונען באַווייזען זיך אין בלויען הימעל, און אַלע גאָטישע קירכען פון אייראָפּא וואָלטען זיך צונויפגערעדט זיי זאָ־לען זיך טרעפען אויף איין גרויסען, אונגעהייער גרויסען טאָל, און דאָ קומט זיך א רוהיגער צוגעהן דער שטראַסבורגער מינסטער, דער קעלנער דאָם, דער גלאָקענטורעם פון פלאָרענץ, די קאַטעדראַלע פון רועין א. אַז. וו. און זיי אַלע פארבויגען זיך אָרטיג פאר דער שענער „נאָטער־דאַם" פון פאריז. עס איז אמת, אז זייער גאַנג איז אבי־סעל אומבאהאָלפען, אז עטליכע צווישען זיי באַנעמען זיך זעהר ניט פיין, און אז צייטענווייז וואָלט מען זיך געקענט צולאַכען צו־זעהענדיג ווי זיי וואַקלען זיך. עס וואָלט אבער שנעל געקומען א סוף צום געלעכטער, ווען מען וואָלט געזעהן, ווי זיי ווערען אין כעס, און ווי זיי הויבען זיך אָן צו שלאָגען צווישען זיך. ווי די „נאָטער־דאַם פון פאריז" הויבט פול מיט פארצווייפלונג אויף איהרעביידע שטיינערנע הענד צום הימעל, און כאַפּט פלוצים א שווערד און האַקט דעם גרעסטען פון אַלע דאָמען אראָפּ דעם קאָפּ פון די פּלייצעס. אָבער ניין. אפילו דעמאָלט קענט איהר נאָך אויך קיין השגה ניט האָבען פון די הויפּט פערזאָנען אין ניעבעלונגען־ליעד; קיין טורעם איז ניט אזוי הויך און קיין שטיין איז ניט אזוי האַרט ווי דער בייזער האַגען, און ווי די נקמה־דורשטיגע קריעמהילדע.

ווער איז אבער געווען דער פערפאַסער פון דעם ליעד? פּונקט אזוי ווייניג ווי מען וויים ווער עס האָט פאַרפאַסט די פאָלקסליע־דער, אזוי ווייניג וויים מען דעם נאָמען פון דעם דיכטער, וואָס האָט אָנגעשריעבען דאָס ניעבעלונגען־ליעד. מאָדנע! זעלטען וויים מען ווער עס זענען געווען די באַשאַפער פון די בעסטע ביכער, גע־דיכטען, געביידען און אנדערע מאָנומענטען פון דער קונסט. ווי האָט געהייסען דער בוימייסטער, וואָס האָט אויסגעקלעהרט דעם

קעלנער דאָס ? װער האָט דאָרט געמאָלט דאָס אַלטאַר־בילד, װאו גאָטס שענע מאַמע און די הײליגע דרײ קעניגע זענען אַזױ פײן געמאָלען ? װער האָט געדיכטעט דאָס ספר איוב, װעלכעס האָט געטרײסט אַזױ פיעל לײדענדע מענשען ? די מענשען פארגעסען צו לײכט די נעמען פון זײערע װאױלטעטער ; די נעמען פון די גוטע און עדעלע װאָס האָבען געזאָרגט פאר דעם װאױלזײן פון זײערע מיטבירגער, געפינען מיר זעלטען אין מויל פון די פעלקער. און זײער דיקער זכרון געדענקט נאָר די נעמען פון זײערע באדריקער און קריעגס־העלדען. דער בוים פון דער מענשהײט פארגעסט דעם שטילען גערטנער, װאָס האָט איהם אנגעטרונקען, װען עס איז גע־װען א טריקעניש, און װאָס האָט איהם באשיצט פון שעדליכע חיות ; אָבער ער געדענקט זעהר גוט די נעמען, װאָס מען האָט אונ־באַרמהארציג אײנגעשניטען מיט א שארפען שטאָל אין זײן קאָרע און ער גיט זײ איבער יעדעס מאָל אַלץ גרעסער און גרעסער צו די שפּעטערדיגע דורות.

2.

א דאנק דעם, וואס ברענטאנא און ארנים האבען צוזאמען ארויסגעגעבען דעם „וואונדערהארן“, פלעגט מען די צוויי נעמען אלעמאל אנרופען צוזאמען. און אזוי ווי איך האב גערעדט פון דעם ערשטען, דערפאר טאר איך וועגען דעם צווייטען אודאי ניט שווייגען. ווארים ער פארדיענט אין א גרעסערן גראד אונזער אויפמערקזאמקייט. לודוויג אכים פאן ארנים איז א גרויסער דיכטער און ער איז געווען איינער פון די אריגינעלסטע קעפ אין דער ראמאנטישער שולע. די וואס האבען ליעב פאנטאסטישעס, וועלען אין דעם דיכטער געפינען מעהר געשמאק ווי ביי יעדען אנדערן דייטשען שריפטשטעלער. אין פאנטאסטישען שטייגט ער אריבער אי האפמאנ׳ען, אי נאוואליס׳ן. ער האט פארשטאנען זיך אריינצולעבען אין דער נאטור נאך טיפער ווי נאוואליס, און האט געקענט ארויסרופען נאך שרעקליכערע געשפענסטער ווי האפמאן. יא, נאך מעהר, ווען איך באטראכט ציימענווייז האפ־מאנ׳ען אליין, דאן קומט מיר פאר, ווי ארנים וואלט איהם גע־דיכטעט. דעם פאלק איז אט דער דיכטער געבליבען אונבאקאנט. און זיין נאמען האט ער נאר צווישען די ליטעראטען. די לעצטע אבער, הגם זיי האבען פון איהם די בעסטע מיינונג, האבען זיי אבער אין דער עפענטליכקייט וועגען איהם קיינמאל ניט גע־רעדט, יא, נאך מעהר, א טייל שריפטשטעלער פלעגען וועגען איהם זיך זאגאר אויסדריקען זעהר ניט גינסטיג. און דאס זענען טאקי געווען אט יענע, וועלכע האבען איהם נאכגעמאכט. מען וואלט געקענט אויף זיי אנווענדען דאס ווארט, וואס סטיווענס האט באנוצט רעדענדיג וועגען וואלטעיר׳ן, ווען וואלטעיר האט גערעדט אויף שעקספיער׳ן נאכדעם ווי ער האט יענעמס אטהעלא באנוצט

אלס זיין אראסמאן; און געזאגט האט סטיווענס דעמאלט: „אט די לייט זענען געגליכען צו די גנבים, וואס פארברענען דאס הויז נאכדעם ווי זיי האבען עס בא׳גנב׳עט.“ פארוואס האט דער הער טיעק קיינמאל ניט גערעדט פון ארנים ווי עס באדארף צו זיין? ער, וואס האט געקענט זאגען אזוי פיעל גייסטרייכעס וועגען א ליאדער מאכערייקע? די הערען שלעגעל האבען ארנים׳ען אויך איגנארירט. ערשט נאך זיין טויט האט ער באקומען א מין נעקראלאג פון א מיטגליעד פון דער שולע.

איך גלויב, אז ארנים׳ס נאמען האט באזונדערס דערפאר ניט געקענט פאפולער ווערען, ווייל פאר זיינע פריינד פון דער קאטוילישער פארטיי, איז ער נאך אלץ געבליבען צופיעל פראטעסטאנטיש, און די פראטעסטאנטישע פארטיי האט איהם ווידער געהאלטען פאר א באהאלטענעם קאטויליק. אבער פארוואס האט איהם דאס פאלק ניט אויפגענומען? דאס פאלק, וועלכעס האט געקענט קריגען זיינע ראמאנען און נאוועלען אין יעדער ביבליאטעק? אויך האפמאן איז אין אונזערע ליטערארישע צייטונגען און עסטעטישע בלעטער כמעט גאר ניט דערמאנט געווארען. די העכערע קריטיק האט בנוגע איהם זיך באנוגענט מיט א פארנעם שווייגען, און דאך איז ער אזוי פיעל געלעזען געווארען. פארוואס זשע האט דאס דייטשע פאלק פארנאכלעסיגט א שריפטשטעלער, וועמענס פאנטאזיע איז אזא ברייטע, אז זי נעמט ארום די וועלט, און וועמענס געמיט עס איז אזוי טיעף, אז עס געהט אזש אריבער א שוידער, און וועמענס מאראלישער טאלענט איז געווען אזוי אונאיבערטרעפליך? עפּיס האט געפעהלט דעם דיכטער און אט דער עפּיס איז עס טאקי, וואס דאס פאלק זוכט אין ביכער; דער עפּיס איז: דאס לעבען. דאס פאלק פארלאנגט, אז די שריפטשטעלער זאלען מיטפיהלען זיינע אלטעגליכע ליידענשאפטען, אז זיי זאלען די עמפפינדונגען פון זיין אייגענער ברוסט אדער אנגענעם אנרעגען, ווען ניט — פארלעצען. דאס פאלק וויל ווערען גערירט. אט דאס באדערפעניש האט אבער ארנים ניט געקענט באפרידיגען. ער איז ניט געווען קיין דיכטער פון לעבען, נאר פון טויט. אין אלץ וואס ער האט געשריעבען הערשט נאר א שאטענהאפטע באווע־

גונג. די פיגורען טומלען זיך שנעל, זיי באוועגען מיט די ליפען, ווי זיי וואָלטען גערעדט, אבער מען זעהט נאָר זייערע ווערטער, הערען הערט מען זיי ניט .די דאָזיגע פיגורען שפרינגען, שלאָגען זיך, שטעלען זיך אויפ'ן קאָפּ, קומען צו בגנבה צו אונז און רוימען אונז איין שטיל אין אויער: מיר זענען טויט. אזא שווישפּיעל וואָלט געווען צו גרויענהאפט און פּייניגענד, ווען ניט דער ארנים־שער חן, וואָס איז פארשפּרייט איבער אלע זיינע דיכטונגען, ווי דער שמייכעל פון א קינד. אבער פון א טויטען קינד. ארנים קען שילדערן די ליעבע, טיילמאָל אויך די זינליכקייט. אבער אפילו דאָ קענען מיר מיט איהם ניט פיהלען; מיר זעהען שענע לייבער, בוואָליענדיגע בוזימס, פיינגעבויטע היפטען, אָבער דאָס אלץ איז איינגעהילט אין קאלטע, פייכטע תכריכים. טיילמאָל איז ארנים וויציג, און מיר מוזען אפילו לאַכען; דאָס געלעכטער איז אבער אזא, ווי דער טויט וואָלט אונז געקיצעלט מיט זיין קאָסע. געוועהנליך אבער איז ער ערענסט. און דאָס, ווי א טויטער דייטש. א לעבעדיגער דייטש איז שוין א גענוג ערענסטע בריאה, און איצטער שטעלט זיך פאָר א טויטען דייטש! א פראנצויז קען גאָר קיין השגה ניט האָבען, ווי ערענסט מיר ווערען ערשט נאָכ'ן טויט; דעמאָלט זענען אונזערע פּנימ'ער נאָך פיעל לענגער. און די וועדים, וואָס פרעסען אונז, ווערען מעלאנכאָליש, ווען זיי קוקען אונז אָן. די פראנצויזען שטוינען: א וואונדער ווי שרעקליך ערענסט עס האָט געקענט זיין א האָפמאַן. דאָס איז אָבער נאָך א קינדערשפּיעל אין פארגלייך מיט ארנים. ווען האָפמאַן רופט ארויס זיינע מתים, און זיי שטעהען אויף פון זייערע קברים און טאַנצען ארום איהם, דעמאָלט ציטערט ער אליין פאר שרעק, און טאנצט אליין מיט זיי, און מאכט דערביי די ווילדסטע מאלפישע האוואיעס. ווען אָבער ארנים רופט ארויס זיינע מתים, איז עס אזוי, ווי א גענעראל באטראכט זיין חיל, און ער זיצט אזוי רוהיג אויף זיין הויכען גייסטער־פערד, און לאָזט פאר זיך פארביימארשירען די שרעקליכע באטאליאָנען, און זיי קוקען מיט שרעק ארויף צו איהם, און זעהען אוים ווי זיי וואָלטען פאר איהם מורא געהאט. ער שאָקעלט אבער צו זיי פריינדליך מיט'ן קאָפּ.

לודוויג אכים פאָן ארנים איז געבוירען געוואָרען אין 1784, אין דער מאַרק בראַנדענבורג, און איז געשטאָרבען אים ווינטער 1830. ער האָט געשריעבען דראַמאַטישע געדיכטען, ראָמאַנען און נאָוועלען. זיינע דראַמען זענען פול מיט אינטימער פּאָעזיע. באַזונדערס א שטיק מיט'ן טיטול: „דער אורהאהן“, מיט דער ערשטער סצענע וואָלט זיך ניט באַדאַרפט שעמען אפילו דער גרעסטער דיכטער. ווי אמת'דיג און ווי געטריי איז דאָ געשילדערט די טרויעריגע לאַנגוויילקייט. איינער פון די דריי ניט כשר'ע זיהן פון דעם פאַרשטאָרבענעם לאַנדגראַף זיצט אַליין אין דעם פאַר'יתום'טען גרויסען בורגזאַל, און רעדט געניצענדיג מיט זיך אַליין, און קלאָגט זיך, אז זיינע פיס אונטער'ן טיש, וואַקסען איהם אַלץ לענגער און לענגער, און אז דער פריהמאָרגען ווינד פייפט איהם אזוי קאַלט דורך די ציינער. זיין ברודער, דער גוטער פראַנץ, קומט אריין, קוים וואָס ער שלעפּט זיך, און געהט אַנגעטאָן אין דעם פאַרשטאָרבענעם טאַטענס קליידער, וואָס זענען צו גרויס אויף איהם און הענגען אויף איהם. און טרויעריג דערמאָנט ער זיך, ווי ער פלעגט אין דער שעה געוועהנליך ארויסהעלפען דעם טאַטען ביים אַנטאָן. ווי דער טאַטע פלעגט איהם אָפט צוואַרפען א האַרט שטיקעל ברויט, וואָס ער האָט מיט זיינע אַלטע ציינער שוין מעהר ניט געקענט קייען. ווי ער פלעגט איהם טיילמאָל פאַר כעס אויך א בריקע טאָן מיט'ן פוס; אָט די לעצטע עראינערונג ריהרט דעם גוטען פראַנץ ביז טרעהרען. און ער קלאָגט דאַרויף וואָס זיין טאַטע איז טויט און קען איהם מעהר ניט בריקען.

ארנים'ס ראָמאַנען הייסען: „די קרוינגוועכטער“ און „די גרעפין דאָלאָרעס“. דער ערשטער פון די צוויי, הויבט זיך אויך אָן זעהט גוט. פאָרקומען קומט דאָס פאַר אין דעם וועכטער־טורעם פון וואובלינגען, אין דעם שטיבעל וואו עס וואוינט דער טורעם־וועכטער מיט זיין בראַוער דיקער פרוי, וועלכע איז אבער דאָך ניט אזוי דיק, ווי מען באהויפּט וועגען דעם אונטען אין שטאָדט. אין דער אמת'ן איז עס ניט מעהר ווי א פאַרלוימדונג, ווען מען זאָגט וועגען איהר, אז זי איז דאָרט אויבען אין דער טורעם־וואוינונג געוואָרען אזוי פעט, אז זי קען מעהר ניט ארונטערגעהן די ענגע טורעם־טרעפּ.

און ווען איהר ערשטער מאַן, דער אַלטער טורעם־היטער איז געשטאָרבען, האָט זי געמוזט חתונה האָבען מיט דעם נייעם טורעם־היטער. דער אָרימער פרוי האָט דאָרט אויבען ניט ווייניג געקרענקט, ווען זי האָט געהערט וואָס מען רעדט וועגען איהר; און זי האָט גאָר דערפאַר ניט געקענט אַראָפּגעהן די טורעם־טרעפּ, ווייל זי האָט געליטען פון שווינדעל.

דער צווייטער ראָמאַן פון ארנים „די גרעפין דאָלאָרעס" האָט אויך אַ זעהר גוטען אָנהויב. דער פאַרפאַסער שילדערט אונז דאָ די פּאָעזיע פון אָרימקייט, וועלכע ער, — וואָס האָט דעמאָלט אַליין געלעבט אין גרויס נויט — האָט זיך אַפּט אויסגעקליבען פאַר זיין טעמאַ. וואָס פאַר אַ גרויסער מייסטער איז ארנים אויך דאָ ביי דער שילדערונג פון צושטערונג! מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז איך זעה פאַר די אויגען דאָס וויסטע שלאָס פון דער יונגער גרעפין דאָלאָרעס. וואָס זעהט אויס נאָך וויסטער, ווייל דער אַלטער גראַף האָט עס געלאָזט בויען אין דעם פרעהליכען איטאַליענישען סטיל, האָט עס אָבער ניט פאַרענדיגט. איצטער איז עס אַ מאָדערנע חורבה, און אין שלאָס־גאָרטען איז אַלץ פאַרוויסט; די געשניטענע טאַקסוס־אַלעען זענען פאַרווילדערט; די בוימער וואַקסען זיך איינס דאָס אַנדערע אין וועג; דער לאָרבער און דער אָלעאַנדער פלעכטען זיך שמערצליך אויף דער ערד; די שענע גרויסע בלומען ווערען פאַרדראָסיג דערטרונקען אין ווילדע קרייטיכער; די געטער־סטאַטועז זענען אַראָפּגעפאַלען פון זייערע פּעדעסטאַלען; און אַ פּאָר שלעכטע בעטלער־יונגען ליגען לעבען אַן אָרימער ווענוס, וואָס ליגט אין הויכען גראָז, און שמייסען איהר דעם מאַרמאָרענעם הינטען מיט קראָפּאווע. ווען דער אַלטער גראַף, וואָס איז אַ לאַנגע צייט ניט געווען אין דער היים, קעהרט זיך אום צוריק, וואַרפט זיך איהם אין די אויגען דאָס מאָדנע באַנעמען פון זיינע הויז־לייט און גאָר באַזונדערס פון זיין פרוי. ביים טיש געשעהן אַלערליי מאָדנע זאַכען, און דאָס קומט דערפון, ווייל זיין פרוי איז פון צרות געשטאָרבען, און אויך די איבעריגע פון'ם הויז־געזינד זענען שוין לאַנג טויט. ווי עס ווייזט אויס כאַפּט זיך ענדליך דער גראַף אַליין.

אז ער געפינט זיך צווישען לויטער מתים, און ניט לאָזענדיג מערקען קיין זאַך, פּאָהרט ער שטיל אָפּ פון דאָרטען.

צווישען ארנים׳ס נאָוועלען געפעלט מיר צום בעסטען זיין „איזאבעלע פון עגיפּטען“. דאָרטען זעהען מיר דאָס וואַנדערלעבען פון די ציגיינער, וועלכע מען רופט דאָ אין פראַנקרייך Bohemiens און אויך **Egyptiens**. אין דער נאָוועלע לעבט און וועבט אָט דאָס מאָדנע לעגענדארישע פאָלק, מיט זיינע ברוינע פּנים׳ער, פריינדליכע וואָהרזאָגער־אויגען און מיט דעם וועהמוטיגען געהיימניש, וואָס רינגעלט איהם ארום. די בונטע, טאַנצענדיגע פרעהליכקייט דעקט צו א גרויסען מיסטישען שמערץ. וואָרים לויט דער לעגענדע, וואָס ווערט דערצעהלט אין דער נאָוועלע, מוזען די ציגיינער א לאנגע צייט זיין נע ונד אויף דער וועלט, אלס א שטראָף פאר זייער הארטקייט און ניט גאַסטפריינדליכקייט צו גאָטס מאמע, ווען זי איז מיט איהר קינד אנטלאָפען קיין מצרים און האָט זיך געבעטען, אז מען זאָל זיי לאָזען איבערנעכטיגען. דערפאר האלט מען זיך אויך פאר בארעכטיגט, זיי צו באהאנדלען מיט גרויזאמקייט. און אזוי ווי אין מיטעלאלטער האָט מען נאָך ניט געהאַט קיין שעלינג׳שע פילאָזאָפיע, האָט די פּאָעזיע דעמאָלט געמוזט איבערנעמען אויף זיך די עבודה, צו פארשענערן די אומווירדיגסטע און גרויזאמסטע געזעצען. אָקעגען קיינעם זענען די געזעצען ניט געווען אזוי הארט און באַרבאַריש ווי אָקעגען די אָרימע ציגיינער. אין א טייל לענדער, האָט דאָס געזעץ ערלויבט צו הענגען יעדען ציגיינער אָהן א דין און אָהן א משפּט, ווען אויף איהם איז נאָר געפאַלען א חשד, אז ער איז באגאנגען א גנבה. אויף אזא אופן איז אונשולדיג געהאנגען געוואָרען זייער עלצטער מכאל, וועמען מען האָט גערופען דער הערצאָג פון עגיפּטען. מיט דעם דאָזיגען טרויעריגען געשעהעניש הויבט זיך אָן ארנים׳ס נאָוועלע. אין מיטען דער נאכט נעמען די ציגיינער אראָפּ פון תליה זייער טויטען הערצאָג, הענגען אָן אויף זיינע פּלייצעס זיין רויטען פירשטליכען מאנטעל, טוען איהם אָן אויפ׳ן קאָפּ די זילבערנע קרוין, און דערטרינקען איהם אין דעם טייך שעלדע. זיי זענען פעסט איבערצייגט, אז דער מיטליידיגער טייך, וועט איהם ברענגען אהיים, צו דעם גע־

ליעבטען לאַנד מצריים. די אָרימע ציגיינער'שע פּרינצעסין איזאַבעלא, דעם הערצאָג'ס טאָכטער, וויים גאָר ניט פון דעם גאַנצען טרויעריגען געשעהעניש. וואוינען וואוינט זי אין א חורבה ביי דער שעלדע. אין מיטען נאכט הערט זי פּלוצלונג, ווי דאָס וואסער רוישט אזוי מאָדנע, זי גיט א קוק, זעהט זי, ווי פון'ם וואסער שווימט ארוים איהר בלייכער טאַטע אין זיין פּורפּורנעם טויטענמאַנטעל, און די לבנה שפּיגעלט זיך אין דער זילבערנער קרוין. דאָס הארץ פון דעם אָרימען קינד געהט שיער ניט אויס פאר גרוים צער, און זי וויל דערכאַפּען דעם טויטען פאָטער, אבער אומזיסט איהר מיה. ער שווימט זיך רוהיג ווייטער קיין מצרים, צו זיין היים דעם וואונדערלאַנד, וואו מען וואַרט שוין אויף זיין קומען, כדי איהם דאַרטען צו באַגראָבען מיט גרוים כבוד אין איינעם פון די גרויסע פּיראַמידען. ריהרענד איז דאָס טויטענמאַלצייט, מיט וועלכען דאָס אָרימע קינד עהרט איהר פארשטאָרבענעם פאָטער: זי שפּרייט אוים איהר ווייסען שלייער אויף א שטיין אין מיטען פעלד, און שטעלט ד'ארויף ארויף שפּייז און געטראנק, פון וועלכען זי פארזוכט מיט גרוים פייערליכקייט. זעהר ריהרענד איז אלץ. וואָס ארנים דערצעהלט אונז פון די ציגיינער, צו וועלכע ער האָט ארויסגעווי:ען זיין רחמנות שוין אין אנדערע ערטער. אזוי למשל אין זי:ן נאָכוואָרט צום „וואונדערהאָרן", וואו ער באהויפּט, אז די ציגיינער האָבען מיר צו פארדאנקען א סך גוטעס און היילזאמעס. און איבערהויפּט האָבען מיר זיי צו פארדאנקען אונזערע רפואות. און דאָך האָבען מיר זיי פארשטויסען און פארפאָלגט. מיט זייער גאַנצע ליעבע, — קלאָגט ער זיך — האָבען זיי ביי אונז ניט געקענט אויפבויען פאר זיך קיין היים. ער פארגלייכט זיי אין דער הינזיכט מיט יענע קליינע קארליקעס, וועגען וועלכע עס דערצעהלט די לעגענדע, אז זיי פלעגען צושטעלען אלץ, וואָס זייערע גרויסע און שטארקע פיינד פלעגען וועלען האָבען פאר זייערע מאָלצייטען. אָבער איינמאָל האָט געטראָפען, אז פאר גרוים נויט האָבען זיי פון פעלד אָפּגעריסען אביסעל ארבעס, האָט מען זיי דערפאר מערדערליך געשלאָגען און ארויסגעטריבען פון לאַנד. נו, איז געווען א **רחמנות** צו קוקען, ווי אָט די אָרימע קליינע מענשעלעך האָבען

ביינאכט זיך געלאָזט לויפען איבער דער בריק, ווי א טשערעדע שאָף, און יעדער איינער האָט דאָרט געמוזט אוועקלעגען א מטבע ביז זיי האָבען מיט זיי אַנגעפילט א גאַנץ פאַס.

אַז איבערזעצונג פון דער דערמאַנטער נאָוועלע „איזאַבעלאַ פון עגיפטען" וואָלט די פראַנצויזען ניט נאָר געגעבען א באַגריף פון אַרנים'ס שריפטען, נאָר וואָלט זיי אויך נאָך געוויזען, אַז אַלע זייערע שרעקליכע, אונהיימליכע, מורא'דיגע און געשפּענסטליכע געשיכטען, וועלכע זיי האָבען אין דער לעצטער צייט ארויסגע־בראַכט מיט אזוי פיעל מיה, זענען אין פאַרגלייך מיט אַרנים'ס דיכטונגען, נאָר ראָזאָווע פריהמאָרגען חלומות פון אַן אָפּערנטענ־צעריו. אין אַלע פראַנצויזישע שרעקענס־געדיכטען צוזאַמענגענו־מען, איז ניטאָ אזוי פיעל אונהיימליכעס, ווי אויף יענער בויד, וועלכע אַרנים לאָזט פאָהרען פון בראַקע קיין בריסעל און אין וועל־כער עס זיצען אַט אַזעלכענע פיער פאַרשוינען:

1) אַן אַלטע ציגיינעריו, וואָס איז אויך א מכשפה. זי זעהט אויס ווי די שענסטע פון די זיבען טויט־זינד און זי איז בעהאַנגען מיט די בונטעסטע גילדערנע פליטערלעך און אויסגעפּוצט אין זייד.

2) א טויטער אין א בערענע פעל. אָט דער טויטער, וועלכער האָט געוואָלט פאַרדיענען עטליכע דוקאַטען, איז ארויס פון זיין קבר, און האָט זיך פאַרדונגען אויף זיבען יאָהר פאַר א דיענער. דאָס איז א פעטער מת, וואָס טראָגט אַן אויבעראָק, וואָס איז געמאַכט פון א ווייסער בערען־פעל, און דאָך האַלט ער אין איין פריערען.

3) א גולם. דאָס איז א ליימערנע פיגור, וואָס איז אויסגע־פאַרעמט ווי א שענע פרוי און פיהרט זיך אויף ווי א שענע פרוי. אויף איהר שטערן, פאַרבאָרגען אונטער די שוואַרצע לאָקען, איז אויסגעקריצט מיט העברעאישע אותיות דאָס וואָרט „אמת", און ווען מען זאָל דאָס דאָזיגע וואָרט אָפּמעקען, וועט די גאַנצע פיגור צופאַלען און ווידער ווערען א שטיק ליים.

4) דער פעלדמאַרשאַל קאָרנעליוס נעפּאָס, וועלכער קעהר זיך גאָר ניט אָן מיט דעם באַריהמטען היסטאָריקער, וואָס טראָגט דעמזעלבינען נאָמען. יאָ, נאָכמעהר, ער איז אַזאַ, וואָס שטאַמט

גאָר ניט ארויס פון קיין מענשען. וואָרים פון געבורט איז ער אייגענטליך א וואָרצעל, אזא וועלכע הייסט אַלראונוואָרצעל, און וואָס די פראנצויזען רופען זי מאַנדראַגאָראַ. אַט די וואָרצעל וואַקסט אונטער א תליה, וואו עס האָבען אָראָפּגעקאַפּעט די צווייידייטיגסטע טרעהרען פון א געהאַנגענעם. ווען די שענע איזאַבעלאַ האָט זי אין מיטען נאַכט פון דאָרט אויסגעריסען, האָט זי ארויסגעלאָזט א שרעקליכען געשריי. אויסגעזעהען האָט זי ווי א קאַרליק, אַהן אויגען, אַהן א מויל און אַהן אויערען. דאָס ליעבע מיידעל האָט איהר איינגעפלאַנצט אין פנים צוויי שוואַרצע גערשטענע קערנער און א רויטע ווילדע רויז. און פון זיי איז שפּעטער געוואָרען א מויל מיט צוויי אויגען. דערנאָך האָט זי דעם קליינעם מענשעלע ארויפגעשאָטען אביסעל הירזשלעך אויפ׳ן קאָפּ, און דערפון איז געוואָרען האָר, וואָס האָבען געוואַקסען הארט און אין דער הויך. ווען דאָס פאַרזעהעניש האָט געוויינט, האָט זי עס געוויגט אויף איהרע ווייסע הענד ווי א קינד; מיט איהרע חנ׳עוודיגע רויזען־ליפּען האָט זי איהם אזוי לאַנג געקושט דאָס ווילדע רויזענמויל, ביז עס איז געוואָרען פאַרקרומט, און פאַר גרויס ליעבשאַפט האָט זי איהם שיער אויסגעקושט די אויגען פון קאָפּ. און דאָס קליינע פאַרזעהעניש איז דורך דעם געוואָרען אזוי פאַרצויגען, אז צום סוף האָט ער געוואָלט ניט אנדערש נאָר ווערען א פעלדמאַרשאַל. און ער האָט אָנגעטאָן דעם אוניפאָרם פון א פעלדמאַרשאַל, און פעלדמאַרשאַל האָט ער זיך געהייסען רופען.

ניט אמת, אַז דאָס זענען פיער זעהר אויסגעצייכענטע פּאַרשוינען? ווען איהר זאָלט אויספלינדערן דעם מאָרג, דעם בית עלמין, די **Cour de Miracle**, און אַלע מגפה ערטער פון מיטעלאַלטער, וועט איהר אויך ניט קענען צונויפברענגען אזא גוטע געזעלשאַפט ווי יענע, וואָס האָט זיך געפונען אין איין איינציגער בויד, וואָס איז געפאָהרען פון בראָקע קיין בריסעל. איהר פראנצויזען מוזט דאָך ענדליך איינזעהן, אַז דאָס גרויענהאַפטע איז ניט אייער פאַך. און אַז פראַנקרייך איז ניט קיין פּאַסיגער פּלאַץ פאַר יענעם מין געשפּענסטער. ווען איהר ווילט ארויסרופען געשפּענסטער ווילט זיך אונז לאַכען. יאָ, מיר דייטשען, וואָס ביי אייערע פרעהליכסטע

וויצען קענען מיר בלייבען ערענסט, מיר לאכען דערפאר נאך האר־ציגער, ווען מיר לייענען אייערע געשפּענסטער־געשיכטען. וואָרים אייערע געשפּענסטער זענען דאך אלעמאל פראנצויזען; און — פראנצויזישע געשפּענסטער! וואָס פאר א ווידערשפּרוך ליגט אין די ווערטער! אין דעם וואָרט „געשפּענסט“ ליגט אזוי פיעל איינזאמעס, בורטשענדעס, דייטשעס, שוויינענדיגעס. און אין דעם וואָרט „פראנצויזיש“ ליגט פארקעהרט אזוי פיעל חבר׳עשעס, געלאַסענעס, פראנצויזישעס, און פּלוידערנדעס! ווי אזוי קען א פראנצויז זיין א געשפּענסט, אדער גאָר ווי אזוי קענען אין פּאריז עקזיסטירען געשפּענסטער; אין פּאריז, אין **Foyer** פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאפט.“

צווישען צוועלף און איינס, די שעה וואָס איז פון אלעמאָל באשטימט געוואָרען פאר די רוחות, רוישט אין די פּאריזער גאסען נאך דאָס לעבעדיגסטע לעבען. אין דער אָפּער קלינגט גראד דעמאָלט דער ברויזענדער פינאל; פון די **Varietes** און דער **Gymnase** ציהען זיך דעמאָלט די פרעהליכסטע גרופּען און אויף די בולווארען שוויבעלט און טאנצט און לאכט און מען געהט אין דער **Soiree**. ווי אומגליקליך וואָלט זיך געמוזט פיהלען אן אָרימער רוח אין אָט דער לוסטיגער מענשליכער ריהרעוודיגקייט. און ווי קען איבערהויפּט א פראנצויז, אפילו ווען ער איז טויט, האָבען דעם נויטיגען ערענסט פון א טויטען, ווען פון אלע זייטען לאכט ארום איהם די בונטעסטע פּאָלקסלוסט! איך אליין, הגם איך בין א דייטש, ווען איך וועל זיין טויט, און מיר זאָל אויסקומען זיך ארומצודרעהען ביינאכט אין פּאריז, וואָלט איך געוויס ניט געקענט אָנהאלטען מיין געשפּענסטערווירדע, ווען איך זאָל ביים עק פון א גאס אָנטרעפען איינע פון יענע געטינס פון לייכטזין, וואָס קענען איינעם אזוי טייער לאכען אין פּנים אריין. ווען אין פּאריז זאָלען זיך ווירקליך געפינען געשפּענסטער, בין איך איבערצייגט, אז געזעלשאפטליך ווי די פראנצויזען זענען, וואָלטען זיי זיך זיכער אפילו אלס געשפּענסטער פארבונדען איינער מיט׳ן צווייטען, און זיי וואָלטען געגרינדעט געשפּענסטער פעראיינען און וואָלטען געעפענט געשפּענסטער קאפעהייזער, און וואָלטען ארויסגעגעבען א צייטונג

פאר טויטע, א פאריזער טויטענרעוויו, און עס וואָלט זיך באַלד געפונען Soirees פון מתים ou l'on fera de la musique. און איך בין איבערצייגט, אַז די געשפּענסטער וואָלטען זיך דאָ אין פּאריז אמוזירט פיעל בעסער, ווי ביי אונז די לעבעדיגע. וואָס אַנבעלאנגט מיך, ווייס איך, אַז אויף אַזאַ אופן וואָלט מען אין פּאריז געקענט עקזיסטירען אלס געשפּענסט. און איך וואָלט מעהר ניט מורא געהאט פאר'ן טויט. איך וואָלט נאָר אַנגעזאָגט, אַז מען זאָל מיך מקבר זיין אויף דעם Pere-Lachaise כדי איך זאָל צווישען צוועלף און איינס זיך קענען ארומדרעהען אין פּאריז. וואָס פאר א טייערע שעה! איהר דייטשע לאַנדסלייט, ווען איהר וועט אמאָל נאָך מיין טויט קומען קיין פּאריז, און מיך דערזעהן ביינאכט אלס געשפּענסט, זאָלט איהר זיך ניט דערשרעקען! איך וואָגעל ניט ארום אויף דעם שרעקליך אומגליקליך דייטשען אופן. איך דרעה זיך דאָ גיכער ארום אוים פארגעניגען.

און אזוי ווי מען מוז זיך ביינאכט ארומדרעהען אויף די ערטער, וואו מען האָט באַגראבען געלד, דערפאר וויל איך מיך באַוואָרענען און באַגראבען עטליכע סו ערגיץ וואו אויף א בולוואר. ביז איצטער האָב איך שוין אפילו אין פּאריז א סך געלד דער'הרג'עט. איך האָב זיי אבער נאָך קיינמאָל ניט באַגראבען.

אוי, איהר אָרימע פראַנצויזישע שריפטשטעלער! איהר מוזט דאָך ענדליך איינזעהן, אַז אייערע שוידערליכע ראָמאנען פּאסען זיך גאָר ניט פאר א לאַנד, אין וועלכען אָדער עס געפינען זיך גאָר ניט קיין גייסטער, און ווען יאָ זענען זיי פונקט אזוי געזעלשאפטליך לוסטיג ווי מיר אלע. איהר קומט מיר פאָר ווי קינדער, וואָס טוען אָן מאַסקען, כדי אָרויפצוּוואַגען א שרעק איינער אויפ'ן אַנדערן. די מאַסקען זענען ערענסטע און מורא'דיגע. אָבער פון די אויגענלעכער, קוקען אַרוים פרעהליכע קינדערשע אויגען. מיר דייטשען פארקעהרט טראָגען טיילמאָל פריינדליכע יוגענדליכע מאַסקען, און פון די אויגען קוקט ארוים דער גרייזגראָהער טויט. איהר זענט א ציערליך, ליעבענסווירדיג, שכל'דיג און לעבעדיג פאָלק. און אין אייער קונסט ליגט נאָר דאָס שענע, און עדעלע און מענשליכע. דאָס האָבען שוין איינגעזעהן אייערע עלטערע שריפטשטעלער. און איהר

די נייע, וועט סוף כל סוף אויך קומען דערצו. לאזט אפ פון דעם שווידערליכען און געשפענסטישען! לאזט איבער פאר אונז דייטשען אלע שרעקענישען פון דעם משוגעת, פון דעם פיבערטרוים און פון דער גייסטערוועלט. דייטשלאנד איז דאס פאסיגע לאנד, פאר מכשפות, טויטע אין בערענע פעלען, גולמ׳ס פון יעדען געשלעכט און באזונדערס פאר אזוינע פעלדמארשאלען ווי דער קליינער קאר־נעליוס נעפאס. נאר אויף יענער זייט פון רהיין, קענען זיך האדא־רוען אזעלכענע געשפענסטער, אבער קיינמאל ניט אין פראנקרייך. ווען איך בין געפאהרען אהער, האבען מיך מיינע געשפענסטער באלייט ביז צו דער פראנצויזישער גרעניץ. ווארים אזוי שנעל ווי זיי האבען דערזעהן די דריי־פארביגע פאהן זענען אלע גייסטער פארשוואונדען.

א, איך וואלט וועלען זיך ארויפשטעלען אויף דעם שטראס־בורגער מינסטער מיט א דרייפארביגער פאהן אין דער האנד, וואס זאל דערגרייכען ביז פראנקפורט.

איך גלויב, אז ווען איך זאל מיט דער געהייליגטער פאהן ארי־בערפאכען צו מיין טייערען פאטערלאנד, און דערביי ארויסרעדען די פאסיגע ווערטער, וואלטען די אלטע מכשפות אוועקגעפלויגען אויף זייערע בעזימער, און די קאלטע מתים אין די בערענע פעלען וואלטען צוריק אריין אין זייערע קברים, און פון די גולמ׳ס וואלט ווידער געווארען א בארג לעהם. דער פעלדמארשאל קארנעליוס נע־פאס, וואלט זיך צוריקגעקעהרט צו דעם ארט, פון וואנען ער איז געקומען און עס וואלט גענומען א סוף צו דעם גאנצען שפוק*).

---

*) אין דער ערשטער דייטשער, ווי אויך אין דער ערשטער פראנ־צויזישער אויסגאבע האט זיך דא געענדיגט „די ראמאנטישע שולע“.

3.

די געשיכטע פון דער ליטעראטור איז פונקט אזוי שווער צו באשרייבען ווי די נאטור־געשיכטע. דארט אזוי ווי דא האלט מען זיך ביי די באזונדערע ערשיינונגען וואס זעהען זיך ארוים. אבער פונקט אזוי ווי אין א קליין גלאז וואסער זענען פאראן א גאנצע וועלט פון קליינע ברואים׳לעך, וואס באווייזען גאט׳ס אלמעכטי־קייט אזוי גוט, ווי די גרעסטע חיות, אזוי איז אויך אין דעם קלענסטען מוזענאלמאנאך טיילמאל דא א גאנצע צאל מיט דיכ־טערלינגען, וואס זענען פאר דעם שטילען פארשער פונקט אזוי אינטערעסאנט, ווי די גרעסטע עלעפאנטען פון דער ליטעראטור. גאט איז גרויס.

די מייסטע ליטעראטור־היסטאריקער גיבען אונז ווירקליך א ליטעראטור־געשיכטע, ווי א גוט צוזאמענגעשטעלטע מענאזשעריע. און זיי ווייזען אונז תמיד באזונדער עפישע זויג־דיכטער, לירישע לופט־דיכטער, דראמאטישע וואסער־דיכטער, פראזאישע אמפיביען, וואס שרייבען ים־ און לאנד־ראמאנען, הומאריסטישע מאלוסקען, א. אז. וו. אנדערע פארקעהרט, פיהרען דורך די ליטעראטור געשיכטע פראגמאטיש. זיי הויבען אן מיט די אורשפרינגליכע מענשהייטסגעפיהלען, וואס האבען זיך אויסגעארבייט אין פארשי־דענע עפאכען און האבען ענדליך אנגענומען א קינסטלערישע פארם; זיי הויבען אן **ab ovo**, פונקט ווי דער היסטארי־קער, וואס הויבט אן דעם טראיאנישען קריג מיט דער ערצעהלונג פון לעדא׳ס איי. און פונקט אזוי ווי ער, האנדלען זיי נאריש. ווא־רים איך בין איבערצייגט, אז ווען מען וואלט אפילו פון לעדא׳ס איי געמאכט א פאנקוכען, וואלטען זיך העקטאר און אכילעאוס דאך באגעגענט ביים סקאישען טויער, און ריטערליך געקעמפט. די גרויסע פאקטען און גרויסע ביכער ענטשטעהען ניט פון קליי־

ניקיימען, נאָר זיי זענען נויטוועגדיג. זיי הענגען צוזאַמען מיט דעם קרייזלויף פון זון, לבנה און שטערן, און זיי ענטשטעהען אפשר דורך זייער איינפלוס אויף דער ערד. די פאַקטען זענען נאָר די רעזולטאַטען פון די אידעען... אבער ווי קומט עס, וואָס אין געוויסע צייטען גילטען געוויסע אידעען אזוי שטאַרק, אז זיי מאַכען איבער דאָס גאַנצע לעבען פון די מענשען, זייער טאָן און טראַכטען, זייער דענקען און שרייבען אויף דעם וואונדערבאַרסטען אופן? עס איז שוין אפשר צייט צו שרייבען א ליטעראַרישע אַסטראָלאָגיע, און צו ערקלעהרען די ערשיינונגען פון געוויסע אידעען, אָדער געוויסע ביכער, אין וועלכע אָט די אידעען אַנטפּלעקען זיך, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דרעהען זיך פון די שטערען.

אָדער וואַקסען אפשר געוויסע אידעען אויך ארויס פון געוויסע מאָמענטאַנע באַדערפענישען פון די מענשען? זוכען זיי אפשר אלעמאָל די אידעען, מיט וועלכע זיי קענען לעגיטימירען זייערע פאַרלאַנגען? ווירקליך, די מענשען זענען ביי זייער טבע לויטער דאָקטרינערען; זיי ווייסען אלע מאָל אויסצוטראַכטען עפּיס א דאָקטרין, וואָס זאָל רעכטפערטיגען זייערע אלע ענטזאַגונגען אדער באַגעהרנישען. אין די שלעכטע, מאָגערע טעג, ווען די פרייד איז געווען שווער צו דערגרייכען, האָבען זיי געגלויבט אין דער דאָגמאַ פון ענטזאַגונג, און האָבען באַהויפּט, אז אלע ערדישע טרויבען זענען זויער; ווערען אבער די צייטען בעסער, ווערט פאַר די מענשען מעגליך צו דערלאַנגען צו די שענע פרות פון דער וועלט, דאָן באַווייזט זיך אויף דער ליכטיגער וועלט א פרעהליכע דאָקטרין, וואָס זאָגט, אז דער מענש האָט א רעכט צו געניסען פון אלע זיסיקייטען פון לעבען.

האַלטען מיר שוין ביים סוף פון דער קריסטליכער תענות־צייט, און רייסט זיך שוין דורך א לייכטענדיגע די ראָזאָווע צייט פון פרייד? ווי אזוי וועט אויסזעהן די לוסטיגע דאָקטרין פון דער צוקונפט?

אין דער ברוסט פון א פאָלקס־שריפטשטעלער ליגט שוין דאָס בילד פון דעם פאָלקס צוקונפט און א קריטיקער וואָס קען צוטרייבערן א דיכטער מיט א גענוג לאַנגען און שאַרפען מעסער, וואָלט

געקענט, פונקט ווי פון די אינגעווייד פון א קרבן, נביאות זאָגען, וואָס פאַר א פּנים דייטשלאַנד וועט אָנעמען אין דער צוקונפט. איך וואָלט זעהר שטאַרק וועלען קריטיש שעכטען, ווי א ליטעראַרי־שער קאַלכאַס, עטליכע פון אונזערע אינגסטע פּאָעטען, ווען איך וואָלט זיך ניט באַדאַרפט שרעקען, אז איך וועל אין זייער אינגע־ווייד געפינען א סך זאַכען, וועגען וועלכע איך וועל זיך דאָ ניט קע־נען אויסשפּרעכען. וואָרים מען קען אונזער אינגסטע ליטעראַטור ניט אַרומריידען, אז מען זאָל ניט אַריינפאַלען אין דעם טיפסטען געביעט פון דער פּאָליטיק. אין פראַנקרייך, וואו די בעלעטריסטי־שע שריפטשטעלער האָבען געזוכט זיך צו דערווייטערן פון דער פּאָליטישער צייט־באַוועגונג, דאָרט קען מען איצטער באַהאַנדלען די שענגייסטער פון טאָג און דעם טאָג אַליין ניט באַריהרען. אָבער אויף יענער זייט פון רהיין, וואַרפען זיך איצטער די בעלעטרים־טישע דיכטער מיט פייער אין דער טעגליכער באַוועגונג, פון וועלכער זיי האָבען זיך אזוי לאַנג געהאַלטען פון ווייטען. איהר פראַנצויזען זענט פאַר די לעצטע פערציג יאָהר שטענדיג געשטאַנען אויף די פיס און איצטער זענט איהר מיעד; מיר דייטשען זענען, פאַר־קעהרט ביז איצטער געזעסען ביים שטודירטיש און געמאַכט פּירושים אויף אַלע קלאַסיקער. און איצטער ווילען מיר מאַכען אביסעל באַוועגונג.

די זעלביגע סבה, וואָס איך האָב פריהער אָנגעגעבען, האָט מיך אויך פאַרהינדערט צו באַהאַנדלען מיט געהעריגער ווירדע א שריפטשטעלער, וועגען וועלכען פרוי פאָן סטאַהל האָט נאָר אָנגע־געבען פאַרבייגעהענדיגע אָנדייטונגען, און אויף וועלכען דאָס פראַנצויזישע פּובליקום איז נאָך באַזונדערס אויפמערקזאַם געמאַכט געוואָרען דורך די גייסטרייכע אַרטיקלען פון דילאַרעט. איך רעד פון זשאַן פּאָול פריעדריך ריכטער. מען האָט איהם אָנגערופען דער איינציגער. דאָס איז אַן אויסגעצייכענטער אורטייל, וואָס איך באַ־גרייף ערשט איצטער, נאָכדעם ווי איך האָב אומזיסט נאָכגעטראַכט, אויף וועלכען אָרט אין דער ליטעראַטור־געשיכטע איך וועל וועגען איהם דאַרפען רעדען. ער איז אויפגעטראָטען כמעט גלייכצייטיג מיט דער ראָמאַנטישער שולע, כאָטש ער האָט זיך אין איהר גאָר ניט

באטײליגט. און פונקט אזוי װײניג האט ער שפּעטער־צו עפּיס געהאט צו טאָן מיט דער געטהעשער קונסט־שולע. ער שטעהט אין גאנצען איזאָלירט אין זײן צײט, טאקי דערפאר װײל ער האט זיך אין געגענזאץ צו די בײדע שולען אין גאנצען אפּגעגעבען צו זײן צײט, און זײן הארץ איז געװען אין גאנצען אויסגעפילט מיט איהר. זײן הארץ און זײנע שריפטען זענען געװען אײנס און דאָסזעלבי־גע. אט די אײנענשאפט, די דאָזיגע גאנצקײט געפינען מיר אויך בײ די שריפטשטעלער פון דעם הײנטיגען יונגען דײטשלאנד, װאָס מאכען אויך פונקט אזוי װײניג אונטערשײד צװישען לעבען און שרײבען, װאָס טײלען קײנמאָל ניט אפּ די פּאָליטיק פון װיסענ־שאפט, קונסט און רעליגיאָן, און װאָס זענען אין אײן צײט אי קינסטלער, אי טריבונען און אי אפּאָסטאָלען.

יאָ, איך װידערהאָל דאס װאָרט: „אפּאָסטאָלען". װאָרים איך װײס ניט פון קײן װאָרט, װאָס זאָל זיך בעסער פּאסען. א נײער גלויבען באזעלט זײ מיט א לײדענשאפט פון װעלכער די שריפט־שטעלער פון דעם פריהערדיגען פּעריאָד האבען ניט געהאט קײן אה־נונג. דאס איז דער גלויבען אין פּאָרטשריט. א גלויבען, װאָס איז ארויסגעשפּרונגען פון װיסען. מיר האבען געמאָסטען די לענדער, געװאויגען די נאטור־קרעפטען, בארעכענט די מיטלען פון דער אינ־דוסטריע, און זעה, מיר האבען אויסגעפונען, אז די ערד איז גענוג גרויס, אז זי האט גענוג פּלאץ פאר אלעמען און יעדער קען אויף איהר בויען זײן געצעלט פון גליק; מיר האבען אויך אויסגעפונען, אז די ערד קען אונז אלע אנשטענדיג ערנעהרען, װען מיר זאָלען אלע ארבײטען, און ניט אײנער זאָל לעבען אויפ'ן חשבון פון אנ־דערע; מיר האבען אויך אויסגעפונען, אז עס איז ניט נויטיג דעם גרעסטען און ארימסטען קלאס אנצואװײזען אויפ'ן הימעל. —— אמת, די צאָל פון אט די װיסענדע און גלויביגע, איז נאך קלײן. אבער די צײט איז געקומען, װען פעלקער װעלען שוין מעהר ניט געצעהלט װערען לויט קעפּ, נאר לויט הערצער. און איז דען דאס גרויסע הארץ פון אײן אײנציגען הײנריך לאובע ניט מעהר װערט, װי א גאנצער טיער־גאָרטען פון ראופּאך'ס און קאָמעדיאנטען? איך האב אנגערופען דעם נאָמען הײנריך לאובע; װאָרים װי

האָב איך דען געקענט רעדען פון דעם יונגען דייטשלאַנד און דער־ביי ניט געדענקען אָן דעם פלאַמענדיגען האַרץ, וואָס לייכט אַרויס פון יונגען דייטשלאַנד אַם גלענצענדסטען? היינריך לאובע, איי־נער פון יענע שריפטשטעלער, וואָס זענען אויפגעטראָטען מיט דער יולי־רעוואָלוציאָן, האָט פאַר דייטשלאַנד אַזאַ סאָציאַלע באַדייטונג, אַז זיין גאַנצע גרויס קען איצטער נאָך ניט אויסגעמאָסטען ווע־רען. ער האָט אַלע גוטע אייגענשאַפטען, וואָס מיר געפינען ביי די אויטאָרען פון דעם פאַרגאַנגענעם פעריאָד, און דערצו נאָך די אַפּאָסטאָלישע איבערגעבענקייט פון דעם יונגען דייטשלאַנד. דער־ביי איז זיין שטאַרקע ליידענשאַפט געמילדערט און באַשיינט דורך אַ הויכען חוש פאַר קונסט. ער איז באַגייסטערט פאַר דאָס שענע, פונקט אַזוי גוט ווי פאַר דאָס גוטע; ער האָט אַ פיין אויער און אַ שאַרף אויג פאַר עדעלע פאָרמען; און געמיינע נאַטורען זענען איהם דערווידער, ווען אפילו זיי נוצען דעם פאַטערלאַנד אַלס קעמ־פער פאַר נאָבעלע צוועקען. אַט דער קונסטזין, וואָס איז ביי איהם אַן איינגעבוירענער, באַשיצט איהם אויך פאַר דעם גרויסען טעות פון יענעם פאַטריאָטישען המון, וואָס הערט נאָך אַלץ ניט אויף צו פאַרלעסטערען און באַרעדען דעם גרויסען מייסטער געטהע.

אין דער הינזיכט פאַרדיענט אויך די העכסטע לויב אַן אַנדע־רער שריפטשטעלער פון דער נייעסטער צייט, און דאָס איז דער הער קאַרל גוצקאָוו. יוען איך דערמאָן איהם ערשט נאָך לאובע, גע־שעהט דאָס בשום אופן ניט, ווייל איך האַלט ניט, אַז ער האָט אַזוי פיעל טאַלענט ווי דער ערשטער, און ניט פיעל ווייניגער דערפאַר ווייל איך האַלט ווייניגער פון זיינע טענדענצען; ניין, אויך קאַרל גוצקאָוו'ן מוז איך צוגעבען, אַז ער פאַרמאַגט די שענסטע אייגענ־שאַפטען פון דער שאַפענדער קראַפט און פון דעם אורטיילענדען קונסטזין, און אויך זיינע שריפטען דערפרעהען מיך דורך דער ריכ־טיגער אויפפאַסונג פון אונזער צייט און איהרע באַדערפעניסען; אָבער אין אַלץ וואָס לאובע שרייבט, ליגט אַ ברייטע רוהיקייט, אַ זעלבסטבאַוואוסטע גרויסקייט, אַ שטילע זיכערקייט, וואָס ריהרט מיך פערזענליך טיעפער, ווי די פּיטאָרעסקע, פאַרבענשרייענדיגע און שטעכיג נעווירצטע באַוועגליכקייט פון דעם גוצקאָוו'שען גייסט.

דער הער קארל גוטצקאוו, וועמענס נשמה איז פול מיט פּאָע־זיע, האָט געמוזט פּונקט אזוי, ווי היינריך לאובע, זיך אָפּזאָגען אין צייט פון יענע קנאים, וואָס באַרעדען אונזער גרויסען מייסטער. דאָסזעלביגע גילט אויך פאַר די הערען ל. וויענבארג און גוסטאוו שלעזיער, צוויי העכסט אויסגעצייכענטע שריפטשטעלער פון דער לעצטער צייט, וועלכע איך טאָר אויך ניט לאָזען ניט דערמאָנט איצטער ווען איך רעד פון דעם יונגען דייטשלאנד. זיי פאַרדיע־נען ווירקליך דערמאָנט צו ווערען צווישען די רעדעלפיהרער, און זיי האָבען זיך שוין ערוואָרבען א גרויסען נאָמען אין לאנד. דאָ איז ניט דער פּלאַץ צו רעדען אויספיהרליכער וועגען זייער ווירקען און קענען. איך האָב זיך שוין אזוי אויך צופיעל דערווייטערט פון מיין טעמא; איך וויל דערפאר בלויז נאָך רעדען א פּאָר ווער־טער וועגען זשאַן פּאול.

איך האָב געזאָגט, אז זשאַן פּאול פריעדריך ריכטער איז אין זיין הויפּטריכטונג געווען דער פאָרגענגער פון דעם יונגען דייטשלאנד. יונג דייטשלאנד האָט אבער געוואוסט, ווי אזוי זיך אויסצוהיטען ניט ארייצופאַלען אין זיין מגושמ'דיגער פאַרדרעהט־קייט, און אין זיין מאָדנעם לעבערליכען אופן פון שילדערן. א קלאָהרער, גוט רעדיגירטער פראנצויזישער קאָפּ קען גאָר קיין השגה ניט האָבען פון אזא סטיל ווי זשאַן פּאולס. זשאַן פּאול'ס זאַץ־בוי, באַשטעהט פון לויטער קליינע שטיבעלעך, וואָס זענען טיילמאָל אזוי ענג, אז מען טרעפט דאָרט איין אידעע צוזאמען מיט אן אנדערע, און זיי שטויסען איינס דאָס אנדערע מיט די קעפּ; אויבען אויפ'ן דעק זענען אלערליי האַטשעקעס, אויף וועל־כע זשאַן פּאול הענגט אויף אלערליי געדאנקען. און אין די ווענד זענען לויטער געהיימע שיפּלאָדען אין וועלכע ער באַהאַלט גע־פיהלען. קיין דייטשער שריפטשטעלער איז ניט אזוי רייך ווי ער אין געדאנקען און געפיהלען. ער לאָזט זיי אבער קיינמאָל ניט צייטיג ווערען. און מיט דער רייכקייט פון זיין גייסט און זיין געמיט מאַכט ער אונז מעהר ערשטוינען ווי ער גיט אונז דער־קוויקונג. געדאנקען און געפיהלען וואָס וואָלטען געקענט אויס־וואַקסען צו אונגעהייערע ביימער, ווען ער וואָלט זיי געלאָזט זיי

זאלען זיך גוט איינוואָרצלען און זיך צעוואקסען מיט אלע זייערע צווייגען, בלעטער און בליהונגען, רייסט ער אוים ווען זיי זענען נאך קוים קליינע פלאנצען. אפטמאל זאגאר, ווען זיי זענען נאך בלויז שפּראָצונגען. און אויף אזא אופן דערלאנגט ער אונז גאנצע וועלדער אויף א געוועהנליכער שיסעל, אלס גרינסען. דאס איז א וואונדערליך מאכל, נאר וואס מען קען עס ניט עסען. ווארים ניט יעדער מאגען קען פארטראגען יונגע דעמבען, צעדערן, פאל־מען און באנאנען אין אזא גרויסער מאס. זשאן פאול איז א גרוי־סער דיכטער און פילאזאף. אבער מען קען שוין ניט זיין ניט קינסטלערישער ווי ער אין זיין שאפען און אין דענקען. ער האט אין זיינע ראמאנען געבראכט אויף דער וועלט אמת פאעטישע גע־שטאלטען, אבער אט די אלע באשעפענישען שלעפען מיט זיך מיט א נאריש לאנגע נעבעל־שנור און פארוויקלען און ווערגען זיך מיט איהר. אנשטאט געדאנקען גיט ער אונז זיין דענקען גופא. מיר זעהען די מאטעריעלע טעטיקייט פון זיין געהירן; ער גיט אונז, אזוי צו זאגען, מעהר געהירן ווי געדאנקען. אין אלע זייטען שפּרינ־גען דערביי ארום זיינע וויצען, די פליי פון זיין צוהיצטען גייסט. ער איז דער לוסטיגסטער שריפטשטעלער און אין דער זעלביגער צייט אויך דער סענטימענטאלסטער. יא, נאך מעהר די סענטי־מענטאליטעט איז איהם אלעמאל גובר. און זיין לאכען פארוואנדעלט זיך אפט אין וויינען. ער פארשטעלט זיך צייטענווייז אין דער גע־שטאלט פון א בעטלערישען פלומפען חברהמאן, אבער גאר פלוצ־לינג קגעשטעלט ער אויף, ווי מיר זעהען דאס אין טעאטער ביי פירש־טען, וואס זענען אינקאגניטא, זיין גראבען אויבערראק און מיר דערזעהען דאן דעם שטראהלענדיגען שטערן.

מיט דעם איז זשאן פאול אין גאנצען גלייך צו דעם גרויסען אירלענדער, מיט וועמען מען האט איהם אפט פארגליכען. דער פארפאסער פון „טריסטראם שענדי“, ווען ער פלעגט זיך פארלי־רען אין די רויחסטע טריוויאליטעטען, האט אויך געוואוסט גאר פלוצלינג אונז צו דערמאנען אן זיין פירשטליכער ווירדע דורך ער־האבענע איבערגאנגען. פונקט ווי לאורענס סטוירן האט אויך זשאן פאול אין זיינע שריפטען געגעבען זיין פערזענליכקייט. ער

האָט זיך אויך געוויזען אין זיין מענשליכער נאַקעטקייט, אָבער דאָך מיט אַ געוויסער אומבאַהאָלפענער צניעות. לאָורענס סטוירן האָט זיך געוויזען פאַר׳ן פובליקום אין גאַנצען אַז אויסגעטועגער. אין גאַנצען נאַקעט. זשאַן פּאָול פאַרקעהרט האָט נאָר געהאַט לעבער אין די הויזען. מיט אומרעכט האָבען די קריטיקער באַהויפּט, אַז זשאַן פּאָול האָט פאַרמאָגט מעהר אמת׳ן געפיהל ווי סטוירן. וואָרים סטוירן, ווען ער האָט דערגרייכט אַ טראַגישע הויכקייט, איז ער פּלוצלינג אַריבערגעשפּרונגען אין אַ שפּאַסהאַפטען, לאַכענדיגען טאָן; און פאַרקעהרט זשאַן פּאָול, ווען ער ווערט אין זיין שפּאַס נאָר אַ קליין ביסעל ערענסט, געהט ער איינציגווייז איבער אין אַ געוויין און לאָזט זיינע טרעהרענדריזען זיך רוהיג אויסריינען. ניין, סטוירן האָט אפשר געפיהלט נאָך טיפער ווי זשאַן פּאָול. וואָרים ער איז אַ גרעסערער דיכטער. ער איז, ווי איך האָב שוין אַמאָל געזאָגט, פון גלייכען שטאַנד ווי וויליאַם שעקספּיער, און אויך איהם האָבען די מוזען ערצויגען אויף דעם פּאַרנאַס. אָבער ווי דער שטייגער ביי פרויען, האָבען זיי איהם מיט צופיעל לאַסקעס פאַרדאָרבען, ווען ער איז נאָך געווען יונג. ער איז געווען דאָס שויסקינד פון דער בלייכער טראַגעדיע. איינמאָל אין אַן אַנפאַל פון גרויזאַמער צערטליכקייט האָט זי איהם דאָס האַרץ געקושט אַזוי שטאַרק, אַזוי ליעבעשטאַרק, אַזוי פייערדיג זויגענדיג, אַז דאָס האַרץ האָט אַנגעהויבען צו בלוטיגען, און מיט איינמאָל האָט ער פאַרשטאַנען אַלע שמערצען פון דער וועלט און ער איז געוואָרען אַנגעפילט מיט אַן אונענדליכען מיטלייד. אָרים יונג דיכטער־האַרץ! אָבער די אינגסטע טאָכטער מנעמאָזינע׳ס, די רויזיגע געטין פון שפּאַס איז צו איהם שנעל צוגעשפּרונגען און האָט דאָס ליידענדע אינגעל גענומען אויף די הענד און האָט געזוכט איהם אויפצוהייטערען מיט לאַכען און מיט זינגען און האָט איהם געגעבען פאַר אַ שפּיעלצייג די קאָמישע מאַסקע און די נאַרישע גלעקלעך און האָט געקושט זיינע ליפּען און האָט איהם אַרויפגעקושט אויף זיי איהר גאַנצען לייכטזין און איהר אַלע וויציגע שטיפעריייען.

און זינט דעמאָלט איז געוואָרען אַ זאָנדערבאַרער ווידער־

שפּרוך צווישען סטוירנ׳ס האַרץ און סטוירנ׳ס ליפּען: ווען זיין האַרץ איז אָפּטמאָל געווען אין גאַנצען טראַגיש, און ער האָט געוואָלט אויסדריקען זיינע טיעפסטע בלוטענדיגע האַרץ־געפיהלען, דאַן האָבען צו זיין פאַרוואונדערונג געפלאַטערט פון זיינע ליפּען די לאַכענדיגסטע דערפרעהענדיגסטע ווערטער.

4.

אין מיטעלאַלטער איז צווישען פאָלק געווען פאַרשפּרייט אַ אָבערגלויבען, אַז ווען מען וויל בויען אַ נייע הויז, מוז מען שעכטען עפּיס אַ לעבעדיגע זאַך און מיט זיין בלוט פאַרשמירען דעם גרונדשטיין; דורך דעם וועט די געביידע בלייבען שטעהן פעסט און אונצושטערבאַר. צי דאָס איז געווען אַן אַלטער געצענדינערישער אָבערגלויבען, אַז מען קען געווינען אַ טובה פון די געטער, ווען מען עהרט זיי מיט אַ קרבן פון בלוט, אָדער דאָס איז געווען דער שלעכטער באַגריף פון דער קריסטליכער תורה וועגען פאַרגעבונג, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די דאָזיגע מיינונג פון וואונדערליכען כח פון בלוט, פון אַ הייליגונג דורך בלוט, פון דעם דאָזיגען גלויבען אין בלוט, דאָס ווייס איך ניט, גענוג איז, אַז אַזאַ גלויבען איז געווען. און אין ליעדער און לעגענדען לעבט נאָך די דאָזיגע מסורה, ווי מען האָט געקוילעט אַ קינד אָדער אַ חיה כדי מיט זייער בלוט צו באַפעסטיגען גרויסע געביידען. היינט צו טאָג איז די מענשהייט פאַרשטענדיגער. מיר גלויבען שוין מעהר ניט אין דעם וואונדערליכען כח פון בלוט, סאַי ווען דאָס בלוט איז פון אַן עדעלמאַן, סאַי פון אַ גאָט, און די גרויסע מאַסע גלויבט נאָר אין געלד. צי באַשטעהט דאַרום די היינטיגע רעליגיאָן אין דעם גלויבען, אַז גאָט ווערט געלד, צי געלד ווערט גאָט, דאָס ווייס איך אויך ניט. גענוג איז, וואָס די מענשען גלויבען נאָר אין געלד; זיי שרייבען צו אַ וואונדערליכען כח, נאָר צו די מעטאַלענע מטבעות, צו די גאָלדענע און זילבערנע האָסטיען. דאָס געלד איז דער אָנהויב און דער סוף פון אַלץ וואָס זיי טוען; און ווען זיי געהען אויפשטעלען אַ געביידע, פּאַסען זיי זעהר אויף, אַז אונטער דעם גרונדשטיין זאָלען אונטערגעלעגט ווערען עטליכע גאָלדשטיקער, אַ טעפּעלע מיט אַלערליי מטבעות.

יאָ, פּונקט ווי אין מיטעלאַלטער האָבען זיך סאַי די איינצעל־נע געביידען און סאַי די גאַנצע שטאָאַטס־ און קירכען־געביידען געשטיצט אויף א גלויבען פון בלוט, אזוי שטיצען זיך אונזערע היינטיגע אינסטיטוציאָנען אויף דעם גלויבען אין געלד, אויף ווירקליכען געלד. דאָס פאַרצייטיגע איז געווען אַבערגלויבען, דאָס איצטיגע איז איינפאַכער עגאָאיזם. דער ערשטער האָט צושטערט דעם שכל, דאָס לעצטע וועט צושטערען דעם געפיהל. דער יסוד פון דער מענשליכער געזעלשאַפט וועט אמאָל זיין א בעסערער. און אַלע גרויסע הערצער פון אייראָפּאַ זענען שמערצליך באַשעפטיגט דערמיט, צו ענטדעקען אַט די נייערע בעסערע צייט.

מעגליך, אַז דער עקעל צו דעם איצטיגען גלויבען אין געלד, אַז דער ווידערווילען אקעגען דעם עגאָאיזם, וואָס זיי האָבען גע־זעהן אומעטום, איז דאָס געווען די אורזאַך, פאַרוואָס עטליכע דיכטער פון דער ראָמאַנטישער שולע, וואָס האָבען געמיינט גוט, האָבען זיך דאָס אָפּגעקעהרט פון דער געגענוואַרט און זענען אַנט־לאָפען צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט און געוואָלט צוריק אויפ־שטעלען דעם מיטעלאַלטער. צו אַט די לעצטע באַלאַנגען דאָס די דיכטער, וואָס איך האָב באַהאַנדעלט אין דעם צווייטען בוך, נאָכדעם ווי איך האָב אין ערשטען בוך אַרומגערעדט די ראָמאַנטישע שולע אין אַלגעמיין. נאָר צוליעב דער דאָזיגער ליטעראַר־היסטאָרישער באַדייטונג, און ניט צוליעב זייער אינערליכען ווערט, האָב איך צוערשט גערעדט פון אַט די חברים, וואָס האָבען געווירקט צו־זאַמען. מען וועט מיך דערפאַר ניט פאַרשטעהן פאַלש, ווען איך וועל שפּעטער נאָר רעדען ווינציג פון זכריה ווערנער, דעם באַראָן דע לאַ מאָט פוקע, און פון דעם הער לודוויג אוהלאַנד. לויט זייער ווערט פאַרדיענען אַט די דריי שריפטשטעלער, אַז איך זאָל רעדען וועגען זיי אויספיהרליכער. וואָרים זכריה ווערנער איז געווען דער איינציגער דראַמאַטיקער פון דער שולע, זיינע שטיקער זענען אויפ־געפיהרט געוואָרען אויף דער ביהנע און זענען אפּלאָדירט געוואָ־רען פון פּאַרטער. דער הער באַראָן דע לאַ מאָט פוקע, איז געווען דער איינציגער עפּישער דיכטער פון דער שולע. זיינע ראָמאַנען האָבען אויסגענומען ביים גאַנצען פּובליקום. און דער הער לודוויג

אוהלאנד איז געווען דער איינציגער ליריקער פון דער שולע, און זיינע לידער האבען אריינגעדרינגען אין די הערצער פון די גרוי־סע מאסען און לעבען נאך איצטער אין מויל פון די מענשען.

אין דער הינזיכט פארדיענען די דריי דערמאנטע דיכטער א פארצוג פאר דעם הער לודוויג טיעק, וועמען איך האב געלויבט אלס דעם בעסטען דיכטער פון דער שולע. דער הער טיעק, הגם דאס טעאטער איז זיין גרעסטער אידעאל, און פון קינדהייט אן ביז היינט האט ער זיך באשעפטיגט מיט דעם קאמעדיאנטענטום און מיט זיינע קלענסטע דעטאלען, האט ער דאך אבער קיינמאל פון דער ביהנע אראפ ניט געקענט ריהרען די מענשליכע הערצער, ווי דאס איז געלונגען א זכריה ווערנער. דער הער טיעק האט זיך אלעמאל געמוזט האלטען ביי זיין הויז פובליקום, פון וועמען ער האט זיכער געקענט ערווארטען אפלאדיסמענטען. אין דער צייט וואס דער הער דע לא מאט פוקע איז מיט דעם זעלביגען חשק גע־לייענט געווארען פון דער הערצאגין ביז צו דער וועשין, און האט געשטראהלט אלס די זון פון דער לייה־ביבליאטהעק, איז הער טיעק געווען דער אסטראל לאמפ פון די טעע געזעלשאפטען, וועלכע, באשיינט פון זיין פאעזיע, האבען ביי די פארלעזונ־גען פון זיינע נאוועלען גאנץ רוהיג אויסגעטרונקען זייער טעע. וואס שוואכער עס איז געווען די טעע, אלץ שטארקער האט איז נעגענזאץ געמוזט אויסזעהן זיין פאעזיע. און אין בערלין, וואו מען טרינקט שוואכע טעע, האט דער הער טיעק געמוזט אויסזעהן דער שטארקסטער דיכטער. אין דער צייט, וואס די לידער פון אונזער אויסגעצייכענטען אוהלאנד האבען זיך געהערט אין וואלד און אין טאל, און ווערען איצטער נאך געברילט פון ווילדע סטודענטען און געשעפטשעט פון צארטע מיידלעך, האט קיין איינציג ליעד פון דעם הער טיעק ניט איינגעדרונגען אין אונזער הארץ. קיין איין איינ־ציג ליעד פון דעם הער לודוויג טיעק איז ניט געבליבען אין אונ־זערע אויערען. דאס גרויסע פובליקום קען ניט קיין איין איינציג ליעד פון אט דעם גרויסען ליריקער.

זכריה ווערנער איז געבוירען געווארען אין קעניגסבערג, פריי־סען, דעם 18טען נאוועמבער, 1768, זיין פארבינדונג מיט די שלע־

געלם איז ניט געווען קיין פּערזענליכע, נאָר ער האָט סימפּאַטיזירט מיט זיי. ער האָט משיג געווען פון דער ווייטענס דאָס וואָס זיי האָבען געוואָלט, און ער האָט געדיכטעט אין זייער סטיל. אָבער פאַר דער רעסטאָראַציאָן פון מיטעלאַלטער האָט ער זיך נאָר געקענט באַגייסטערן איינזייטיג. און דאָס נאָר פאַר איהר היעראַרכיש־קאַטוילישער זייט; די פעאָדאַליסטישע זייט האָט אויף זיין געמיט ניט געהאַט קיין גרויסע ווירקונג. ווענען דעם האָט אונז זיין לאַנדסמאַן ט. א. האָפמאַן אין זיין בוך „סעראַפּיאָנס ברידער" געגעבען א מערקווירדיג קאַפּיטעל. ער דערצעהלט דאַרטען, אז ווערנערס מוטער האָט געליטען פון מעלאַנכאָליע, און ווען זי האָט געשוואַנגערט, האָט זי זיך איינגערעדט, אז זי איז גאָט'ס מאַמע און אז זי ברענגט דאָס אויף דער וועלט דעם אויסלייזער. ווערנער'ס גייסט האָט דערפאַר אין זיין גאַנצען לעבען אין זיך אַרומגעטראָגען זיין מוטער'ס רעליגיעזען שגעון. אין זיינע דיכטונגען געפינען מיר דעם אויסטערלישסטען רעליגיעזען פאַנאַטיזם. איין איינציגע דיכטונג, „דער פיער און צוואַנציגסטער פעברואַר" איז פריי דערפון, און זי געהערט צו די טיעפסטע שאַפונגען פון אונזער דראַמאַטישער ליטעראַטור. מעהר ווי אַלע אַנדערע ווערנערס שטיקער האָט זי אַרויסגערופען אין טעאַטער א געוואַלטיגע באַגייסטערונג. זיינע אַנדערע שטיקער זענען דעם גרויסען פּובליקום ניט אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען. ווייל דעם דיכטער האָבען געפעהלט כמעט אַלע קענטענישען פון דער ביהנע.

האָפמאַנ'ס ביאָגראַף, דער הער קרימינאַלראַט היציג האָט אויך באַשריבען ווערנער'ס לעבען. דאָס איז א געוויסענהאַפטע אַרבייט, וואָס איז פאַר דעם פּסיכאָלאָג פונקט אַזוי אינטערעסאַנט ווי פאַר דעם ליטעראַר־היסטאָריקער. ווי מען האָט מיר דאָ ניט לאַנג דערצעהלט, איז ווערנער אויך א געוויסע צייט געווען אין פּאַריז, וואו ער האָט זעהר אויסגענומען ביי די פּעריפּאַטעטישע פילאָזאָפקעס, וואָס פלעגען זיך דאַמאָלס אַרומדרעהען אין די גאַלעריען פון דעם „פּאַלעי־ראַיאַל". זיי פלעגען אַלעמאָל איהם נאָכלויפען, איהם רייצען און לאַכען פון זיין קאָמישען אַנצוג און פון זיינע נאָך קאָמישערע מאַניערען. דאָס איז געווען די גוטע, אַלטע צייט! אך,

פונקט אזוי ווי דער „פּאַלעי־ראַיאַל" האָט זיך שפּעטער צו אויך זכריה ווערנער זעהר געביטען; עס האָט זיך אויסגעלאַשען דער לעצטער לאַמפּ פון לוסט אין דעם געמיט פון דעם באַטריבטען מענשען, אין ווייען האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אַן דעם אָרדען פון די ליגאָריאַנער. און אין דער סטעפאַנס־קירך האָט ער דאָרט גע־פּרעדיגט וועגען דער נישטיקייט פון אַלע ערדישע זאַכען. ער האָט אויסגעפונען אַז אַלץ אויף דער ערד איז הבל הבלים. איצטער פלעגט ער באַהויפּטען, אַז דער גאָרטען פון ווענוס'ן איז נאָר אַ מיאוס'ע שלאַנג, און אַז די ערהאַבענע יונאָ טראָגט אונטער איהר ווייסען קלייד אַ פּאָר הירשענלעדערנע, ניט זעהר ריינע הויזען פון אַ פּאָסטיליאָן. דער פּאָטער זכריה האָט זיך איצטער געפּייניגט און געפאַסט תעניתים און גע'מוסר'ט נעגען אונזער פאַרשאָלטענע וועלטליכע לוסט. פאַרשאָלטען איז דער חומר! האָט ער געשריען אזוי הויך און מיט אזא שרייענדיג מזרח־פּרייסישען אַקצענט, אַז די הייליגע בילדער אין סאַנקט סטעפאַן האָבען אויפגעציטערט און די וויענער גריזעטען האָבען האַרציג געשמייכעלט. אויסער אַט די נייע וויכטיקייטען, פלעגט ער אויך כסדר דערצעהלען פאַר די מענשען, אַז ער איז אַ גרויסער זינדיגער.

באַטראַכטען מיר איהם גענוי, איז דער מאַן אַלע מאָל גע־בליבען קאָנסעקווענט. נאָר פריהער האָט ער בלויז באַזונגען דאָס וואָס ער האָט שפּעטער־צו ווירקליך אויסגעפיהרט. די העלדען פון זיינע מייסטע דראַמען זענען שוין מאַנאַכישע זיך אָפּזאָגענדיגע ליעבהאָבער. אַסקעטישע בעל תאוות, וואָס האָבען אין דער ענטזאָ־גונג אויסגעפונען אַ העכערע פרייד, וואָס האָבען דורך דער פּייני־גונג פון זייער לייב ספּיריטואַליזירט דעם חשק צו געניסען, און אין דער טיפעניש פון דער הייליגער מיסטיק געזוכט די שווידער־ליכסטע זעליקייטען, הייליגע **Roues**.

קורץ פאַר זיין טויט האָט אין ווערנער'ן נאָך אַמאָל אויפגע־וואַכט די פרייד פון דראַמאַטיזירען. און ער האָט נאָך אָנגעשריבען אַ טראַגעדיע מיט'ן נאָמען: „די מוטער פון די מאַקאַבעער". דאָ האָט ער אָבער ניט געוואָלט פאַרצוקערן די פּראָפאַנע לעבענס־ערענסטקייט מיט ראָמאַנטישע שפּאַסען: צו דעם הייליגען שטאָף

האָט ער אויך אויסגעקליבען א קירכליכען ברייטגעצויגענעם טאָן. די ריטמען זענען פייערליך געמאָסטען ווי דאָס קלינגען פון גלאָקען, זיי באַוועגען זיך לאַנגזאַם ווי א פּראָצעסיאָן אין גוטען פרייטאָג. און עס איז א פּאַלעסטינישע לעגענדע אין א גריכישער טראַגעדיענפאָרם. דאָ אונטען ביי די מענשען האָט דאָס שטיק געפונען ווייניג בייפאַל. צי עס איז די מלאכים אין הימעל בעסער געפעלען, דאָס ווייס איך ניט.

אָבער פּאַטער זכריה איז באַלד נאָכדעם געשטאָרבען, אין אָנהויב יאָהר 1823, נאָכדעם ווי ער האָט 54 יאָהר ארומגעוואַנדעלט אויף דער זינדיגער ערד.

מיר וועלען לאָזען רוהען איהם דעם טויטען און מיר וועלען זיך ווענדען צום צווייטען דיכטער פון דעם ראָמאַנטישען טריאומוויראט. דאָס איז דער אויסגעצייכענטער פרייהער דע לאַ מאָט פוקע, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין דער מאַרק בראַנדענבורג אין יאָהר 1777, און אין יאָהר 1833 איז ער אויפגענומען געוואָרען אלס פּראָפעסאָר אין דער אוניווערזיטעט פון האַלע. פריהער איז ער געוועזען א מאַיאָר און האָט געדיענט אין פּריסישען מיליטער, און האָט באַזונגען צו די „געזאַנגס־העלדען“, אָדער צו די „העלדענזינגער“, וועמענס „לירע און שווערד“ האָט זיך געהערט צום העכסטען אין דער צייט פון פרייהייטסקריעג. זיין לאָרבער איז פון דעם אמת׳ן סאָרט. ער איז אַן אמת׳ער דיכטער און די קדושה פון דער פּאָעזיע רוהט אויף זיין קאָפּ. ווייניג שריפטשטעלער זענען געווען אזוי אַלגעמיין באַליעבט ווי עס איז אמאָל געוועזען אונזער אויסגעצייכענטער פוקע. איצטער האָט ער נאָך זיינע לעזער בלויז צווישען דעם פּובליקום פון די לייה־ביבליאָטעקען. אָבער דאָס דאָזיגע פּובליקום איז תמיד גרוים גענוג. דער הער פוקע קען זיך ריהמען, אז ער איז דער איינציגער פון דער ראָמאַנטישער שולע, פון וועמען עס האָבען הנאה געהאַט אויך די נידעריגע קלאַסען. אין דער צייט וואָס אין די עסטעטישע בערלינער טעעצירקלען האָט מען פאַרצויגען די נעזער, ווען ס׳איז געקומען צו רייד וועגען דעם געפאַלענעם ריטער, האָב איך אין א שטאָדט, וואָס געפינט זיך אויפ׳ן האַרץ, געפונען א וואונדערשען מיידעל, וואָס

האָט גערעדט פון פוקע מיט אַן ענטציקענדער באַגייסטערונג, און ווערענדיג רויט האָט זי צוגעגעבען, אַז זי וואָלט מיט'ן גאַנצען האַרצען אַוועקגעגעבען אַ יאָהר פון איהר לעבען דערפאַר, אַז זי זאָל איינמאָל אין איהר לעבען כאָטש קענען אַ קוש טהאָן דעם פאַרפאַסער פון „אודינע". — און דאָס מיידעל האָט געהאַט די שענסטע ליפּען, וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן.

אָבער וואָס פאַר אַ מערקווירדיג געדיכט איז אודינע! דאָס געדיכט איז אַליין אַ קוש; דער געניוס פון דער פּאָעזיע קושט דעם שאַפענדיגען פריהלינג, און דער פריהלינג עפענט שמייכעלדיג אויף די אויגען, און אַלע רויזען שמעקען, און אַלע נאַכטיגאַלען זינגען, און דאָס וואָס די רויזען האָבען געגעבען מיט זייער ריח און דאָס וואָס די נאַכטיגאַלען האָבען געזונגען, דאָס האָט אונזער אויסגעצייכענטער פוקע אַנגעטוען אין ווערטער און עס אַ נאָמען געגעבען „אודינע".

איך ווייס ניט צי די נאָוועלע איז איבערזעצט געוואָרען אויף פראַנצויזיש. דאָס איז אַ מעשה פון אַ שענער וואַסער־פייע, וואָס האָט ניט קיין נשמה, און באַקומט אַ נשמה ערשט דאַמאָלט ווען זי פאַרליעבט זיך אין אַ ריטער... אָבער אַך! מיט דער דאָזיגער נשמה באַקומט זי אויך אונזערע מענשליכע שמערצען. איהר רי־טערליכער מאַן ווערט איהר אומטריי, און זי קושט איהם אַזוי לאַנג ביז ער ווערט טויט. וואָרים דער טויט איז אין דעם בוך אויך נאָר אַ קוש.

אַט די „אודינע" וואָלט מען געקענט באַטראַכטען פאַר דער מוזע פון דער פוקע'שער פּאָעזיע. הגם זי איז אונענדליך שען, הגם זי ליידט אַזוי גוט ווי מיר, און זי האָט כסדר די אַלע ערדישע צרות, איז זי דאָך ניט קיין אמת'דיג מענשליך וועזען. אונזער צייט אָבער פאַרוואַרפט פון זיך אַלע אַזוינע לופט און וואַסער־באַשעפענישען, אַפילו די שענסטע. זי פאַרלאַנגט ווירקליכע גע־שטאַלטען פון לעבען. און וויינינגער פון אַלץ פאַרלאַנגט זי ניקסען. וואָס זענען פאַרליעבט אין אַדעליגע ריטער. די רעטראָגראַדע ריכטונג, דאָס שטענדיגע לויב־ליעד אויף דעם אַדעל פון געבורט, די אונאויפהערליכע פאַרהערליכונג פון דעם אַלטען פעאָדאַליזם.

האָט סוף כל סוף דערעסען דעם בירגערליך געבילדעטען דייטשען פּובליקום, און מען האָט זיך אָפּגעווענדט פון דעם ניט צ ־טליכען זינגער. און ווירקליך, אַט דער שטענדיגער געזאַנג פון פּאַנצערס, לויף־פערד, בורגפרויען, עהרליכע צעך־מייסטערס, קאַרליקעס, שלאָס־קאַפּליצעס, מינעזינגער און גלויבען, און ווי דער גאַנצער מיטעלאַלטערליכער קלאַפּערגעצייג הייסט נאָך דאַרטען, איז אונז ענדליך שוין נמאס ומאוס געוואָרען. און ווען דער אדעליגער הי־דאַלגאָ פריעדריך דע לאַ מאָט פוקע האָט זיך אַריינגעלאָזט אַלץ טיעפער און טיעפער אין זיינע ריטער־ביכער, און אין טרוים פון דער פאַרגאַנגענהייט פאַרלוירען דאָס פאַרשטענדניש פאַר דער געגענוואַרט, האָבען אפילו זיינע בעסטע פריינד געמוזט זיך אָפּ־קעהרען פון איהם מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ.

די ווערק, וואָס ער האָט געשריעבען אין אַט דער שפּעטערער צייט קען מען מעהר ניט לייענען. אַלע חסרונות פון זיינע פריי־הערדיגע ביכער זענען דאָ געוואָרען נאָך גרעסער. זיינע ריטער־געשטאַלטען זענען איצטער נאָר באַשטאַנען פון אייזען און גע־מיט; זיי האָבען ניט קיין פליישׁ און ניט קיין שכל. זיינע פרויען זענען נאָר בילדער, אדער נאָך מעהר, נאָר ליאַלקעס, וועמענס גאָל־דענע לאָקען פאַרשטעלען די טרויעריגע בלומענגעזיכטער. פּונקט ווי די ווערק פון וואַלטער סקאָט האָבען די פוקע'שע ראָמאַנען אָנ־גענומען דאָס אויסזעהן פון טאַפּעטען, וואָס מיר רופען „גאָבעלינס" און וועלכע דערפרעהען דורך זייער רייכער געשטאַלטונג און פאַר־בענפּראַכט מעהר דאָס אויג ווי די נשמה. דאָס זענען ריטער־פעסטען, פאַסטוך־שפּיעלען, דועלען, אַלטע טראַכטען, אַלץ זעהר שען איינס לעבען צווייטען, אויסערגעוועהנליך און אָהן אַ טיעפען זין, פיעלפאַרביגע אויבערפלעכליכקייטען. ביי פוקע'ס נאָכמאַכער, פּונקט ווי ביי וואַלטער סקאָט'ס נאָכמאַכער, איז די דאָזיגע מאַ־ניער צו שילדערן נאָר די אויסערליכע ערשיינונגען, אַנשטאָט די אינערליכע נאַטור פון מענשען און זאַכען, געוואָרען נאָך שטאַר־קער. אַט דער דאָזיגער לייכטער און פלאַכער אַרט שרייבען הערשט איצטער אין דייטשלאַנד פּונקט אַזוי ווי אין ענגלאַנד, און אין פראַנקרייך. ווען אפילו די שילדערונגען פאַרהערליכען שוין מעהר

ניט די ריטערצייט, נאָר אויך אונזערע מאָדערנע צושטאַנדען, איז דאָס דאָך די פריהערדיגע מאַניער, וואָס פאַסט אויף אַנשטאָט דעם אמת'ן זין פון די ערשיינונגען, בלויז נאָר דאָס צופעליגע פון זיי. אַנשטאָט מענשען קענטעניש ווייזען אונזערע נייערע ראָמאַניסטען בלויז קליידער־קענטעניש, און זיי שטיצען זיך אפשר אויף דעם ווערטעל: „קליידער מאַכען לייט." ווי אַנדערש פלעגט דאָס זיין ביי די עלטערע ראָמאַנען שרייבער, באַזונדערס ביי די ענגלענדער! ריטשאַרדסאָן גיט אונז די אַנאַטאָמיע פון די מענשליכע עמפפינדונגען. גאָלדסמיטה באַהאַנדעלט פּראַגמאַטיש די האַרץ־אַקציאָנען פון זיינע העלדען. דער פאַרפאַסער פון „טריסטראַם שענדי" ווייזט אונז די פאַרבאָרגענסטע טיפענישען פון דער נשמה; ער עפענט אַ שפּאַלט אין דער נשמה, און ערלויבט אונז צו כאַפּען אַ קוק אין איהרע אַבגרונדען, גן־עדן'ס און שמוציגע ווינקלען, און לאָזט גלייך ווידער אַראָפּפאַלען די פאָרהאַנגען. מיר האָבען פון פאָרענט אַריינגעקוקט אין דעם זעלטזאַמען טעאַטער, באַלייכטונג און פּערספּעקטיווע האָבען ניט פאַרפעהלט זייער ווירקונג, און דערמיט וואָס אונז האָט זיך געדאַכט, אַז מיר האָבען געזעהן דאָס אונענדליכע, איז אונזער געפיהל געוואָרען אונענדליך, פּאָעטיש. וואָס אַנבעלאַנגט פיעלדינג, פיהרט ער אונז גלייך הינטער די קוליסען, ער ווייזט אונז די פאַלשע שמינקע אויף אַלע געפיהלען, די פּלומפּסטע ספּרודזשינעס פון די צאַרטסטע געפיהלען, דאָס קאָלאָפאָניום, וואָס וועט שפּעטער אויפבליצען אַלס באַגייסטערונג, די פּויק, אויף וועלכער דער פּויקער רוהט נאָך פריעדליך און וועט שפּעטער אויף איהר אויספּויקען דעם דונער פון דער ליידענשאַפט. קורץ, ער ווייזט אונז יענע גאַנצע אינערליכע מאַשינעריע, דעם גרויסען ליגען, דורך וועלכען די מענשען ערשיינען פאַר אונז אַנדערש ווי זיי זענען. און דורך וועלכען עס ווערט פאַרלוירען יעדע פרייד פון דער רעאַליטעט. אָבער צו וואָס אויסקלייבען די ענגלענדער פאַר אַ משל, ווען אונזער געטהע האָט אין זיין ראָמאַן „ווילהעלם מייסטער" צוגעשטעלט דאָס בעסטע מוסטער פון אַ ראָמאַן.

די צאָהל פון פוקע'ס ראָמאַנען איז אַ גאַנצער לעגיאָן; ער איז איי־

נער פון די פּרוכטבאַרסטע שריפטשטעלער. „דער צויבער־רינג“ און „טיאָדאָלף דער איסלענדער“, פאַרדיענען באַזונדערס מיט לויב דערמאָנט צו ווערען. זיינע מעטרישע דראַמען, וואָס זענען ניט באַ־שטימט פאַר דער ביהנע, פאַרמאָגען גרויסע שענקייטען. באַזונדערס „זיגורד, דער שלאַנגענטויטער“, דאָס איז אַ געוואַגט ווערק, אין וועלכען עס שפּיגעלט זיך אָפּ די אַלטע פאַרצייטיג סקאַנדינאַווישע העלדענזאַגע, מיט אַלע איהרע ריעזען און מיט איהר גאַנצען צוי־בער. די הויפּט פּערזאָן פון דער דראַמע, זיגורד, איז אַן אונגע־הייערע געשטאַלט. ער איז שטאַרק ווי די פעלזען פון נאָרוועג, און אומרוהיג ווי דער ים, וואָס רינגעלט זיי אַרום. ער האָט אַזוי פיעל מוט ווי הונדערט לייבען און אַזוי פיעל פאַרשטאַנד ווי צוויי עזלען.

הער פוקע האָט אויך געדיכטעט ליעדער, און זיי זענען די ליעבליכקייט אַליין. זיי זענען אַזוי לייכט, אַזוי בונט, אַזוי גלענ־צענד, אַזוי פרעהליך פלאַטערנדיג; זיי זענען זיסע לירישע קאָ־ליברים.

אבער דער אייגענטליכער ליעדערדיכטער איז דער הער לוד־וויג אוהלאַנד, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין טיבינגען אין יאָהר 1787, און לעבט איצטער אין שטוטגאַרט אַלס אַדוואָקאַט. אָט דער שריפטשטעלער האָט אָנגעשריעבען אַ באַנד געדיכטען, צוויי טראַגעדיען, און צוויי אָבהאַנדלונגען איבער וואַלטער פאָן דער פאָגעלווייד, און איבער פראַנצויזישע טרובאַדורען. דאָס זענען צוויי קליינע היסטאָרישע אונטערזוכונגען און ווייזען אָן אויף אַ פלייסיגען שטודיום פון מיטעלאַלטער. די טראַגעדיען הייסען „לוד־וויג דער באַיער“ און „הערצאָג ערנסט פון שוואַבען“. די ערשטע האָב איך ניט געלייענט. מען האָט זי פאַר מיר געריהמט אַלס די בעסערע. די צווייטע אָבער פאַרמאָגט אָהן אַ שיער שענקייטען און דערפרעהט דורך דעם אַדעל פון די געפיהלען און דורך דער ווירדע פון דער געזינונג. עס וועהט אין איהר אַ זיסער הויך פון דער פּאָ־עזיע, וואָס מען טרעפט קיינמאָל ניט אין די שטיקער, וואָס קריגען איצטער אַזוי פיעל בייפאַל אויף אונזער ביהנע. דאָס טעמא פון די דראַמען איז דייטשע טריייהייט, און מיר זעהען דאָ אָט די טריי־

הייט שטארק ווי א דעמב, וואס האלט אוים אקעגען אלע שטור־רעמס; דייטשע ליעבע בליהט, קוים באמערקבאר פון דער וויי־טענס, דאך איהר פיאלקע דופט דרינגט דערפאר נאך ריהרענדער אין אונזער הארץ אריין. אט די דראמא, אדער בעסער געזאגט, אט דאס ליעד, פארמאגט שטעלען, וואס באלאנגען צו די שענסטע פעריל פון אונזער ליטעראטור. אבער דאס טעאטער פובליקום האט אויפ־גענומען דאס שטיק מיט גלייכגילטיגקייט. אדער בעסער געזאגט: האט עס פארווארפען. איך וויל ניט צו שטארק באשולדיגען דעם טעאטער־עולם, זיי האבען באשטימטע באדערפעניסען, וואס זיי ווי־לען, אז דער דיכטער זאל זיי באפרידיגען. די שאפונגען פון דעם פאעט טארען ניט אויסדריקען די סימפאטיען פון זיין אייגענעם הארץ, נאר דארפען פיעל מעהר זיין לויט דעם באגעהר פון פובלי־קום. אט דאס פובליקום איז געגליכען צו א הונגעריגען בעדואין אין דער מדבר, ועלכער גלויבט, אז ער האט געפונען א זאק מיט ארבעס, און ער עפענט איהם שנעל. אבער וועה! וואס ער געפינט אין זאק זענען נאר פעריל. דאס פובליקום פארשלינגט מיט פרייד דעם הער ראופאך'ס פארדארטע ארבעס און מאדאם בירש־פפיי־פער'ס חזיר־בעבלעך; אוהלאנד'ס פעריל זענען פאר איהם קיין מאכל ניט.

און אזוי ווי די פראנצויזען ווייסען העכסט ווארשיינליך ניט וועגער מאדאם בירש־פפייפער און ראופאך זענען, מוז איך דא דער־מאנען, אז אט די געטליכע פאר שטעהען ווי שוועסטער און ברידער, ווי אפאלא און דיאנא, אין טעמפעל פון אונזער דראמאטישער קונסט און ווערען פון אלעמען פארעהרט. יא, דעם הער ראופאך קען מען פונקט אזוי פארגלייכען צו אפאלא, ווי די מאדאם בירש־פפייפער צו דיאנא. וועגען זייער שטעלונג לאזט זיך זאגען, אז די לעצטע איז א קייזערליך עסטרייכישע הויפשוישפילערין אין וויען, און דער ערשטער א קעניגליך־פרייסישער טעאטער־דיכטער אין בערלין. די דאמע האט שוין אנגעשריבען א גאנצע רייה דרא־מען, אין וועלכע זי שפיעלט אליין. איך מוז דא באמערקען, אז ביי אונז איז דא אן ערשיינונג, וואס פאר די פראנצויזען וועט עס פארקומען אונגלויבליך. און דאס איז, אז א גרויסע צאהל פון אונ־

זערע שוישפּיעלער זענען אויך דראַמאַטישע דיכטער און שרייבען פאַר זיך אַליין זייערע שטיקער. מען זאָגט, דער הער לודוויג טיעק האָט דורך אַן אונפאַרזיכטיגע באַמערקונג געבראַכט דעם אומגליק. אין זיינע קריטיקען האָט ער נעמליך באַמערקט, אַז די שוישפּיעלער קענען אין אַ שלעכט שטיק אַלעמאָל בעסער שפּיעלען ווי אין אַ גוט שטיק. זיך שטיצענדיג אויף דעם אַקסיאָם האָבען זיך די קאָמע־דיאַנטען מחנות'ווייז אַ נעם געטאָן צו דער פעדער, און האָבען געשריבען אָהן אַ שיעור טראַגעדיען און קאָמעדיען, און אָפט־מאָל איז געווען שווער צו ענטשיידען, צי דער איינגערעדטער קאָמעדיאַנט האָט אַבזיכטליך געדיכטעט זיין שטיק שלעכט, כדי ער זאָל בעסער שפּיעלען? אָדער האָט ער מיט אַ כיוון געשפּיעלט שלעכט אין זיין אייגען פאַרפאַסטען שטיק, כדי צו מאַכען גלויבען, אַז דאָס שטיק איז גוט? דער שוישפּיעלער און דער דיכטער, וואָס ביז אַהער זענען זיי געשטאַנען אין אַ מין קאָלעגיאַלע פאַרהעלטע־נישען (אונגעפעהר ווי דער תליון און דער זינדיגער), זענען זיך איצטער געוואָרען עפענטליכע שונאים. די שוישפּיעלער האָבען געזוכט דעם דיכטער אין גאַנצען אַרויסצושטופּען פון טעאַטער, אונטער דעם אויסרייד, אַז זיי פאַרשטעהען גאָר ניט וואָס מען דאַרף האָבען אויף דער ברעטערוועלט, אַז זיי פאַרשטעהען גאָר ניט פון דראַסטישע עפעקטען און טעאַטער טריקס און אַז נאָר דער שוישפּיעלער האָט אַ ידיעה וועגען דעם און נאָר ער וויים ווי אַזוי זיי אַריינצופלעכטען אין די שטיקער. די קאָמע־דיאַנטען, אָדער ווי זיי האָבען ליעב זיך צו רופען, די קינסטלער, האָבען דערפאַר פאַרגעצויגען צו שפּיעלען אין זייערע אייגענע שטיקער, אָדער ווענינגסטענס אין אַזוינע שטיקער וואָס אַ זייערי־גער, אַ „קינסטלער" האָט צוזאַמענגעשטעלט. און אין דער אמת'ן האָבען אָט די „קינסטלער" ווירקליך פאַרשטאַנען זייערע באַדערפע־נישען: דאָ האָבען זיי געפונען זייערע ליעבלינגס־קאָסטיומען, זייער פלייש־פאַרביגע טריקאָ־פּאָעזיע, זייער אוועקגעהן אונטער אַפּלאָדיסמענטען, זייערע באַפּליטערטע רעדענסאַרטען, זייערע טראַדיציאָנעלע גרימאַסען, זייער גאַנץ אַפעקטירט קונסטציגיינער־טום: אַ שפּראַך, וואָס ווערט נאָר גערעדט אויף די ברעטער; בלו־

מען, וואָס האָבען נאָר געקענט ארויסשפּראַצען פון דעם ליגנערי־
שען באָדען; פרוכטען, וואָס זענען נאָר צייטיג געוואָרען ביים
ליכט פון די אָרקעסטער־לאָמפּען; א נאַטור, אין וועלכער עס וועהט
ניט גאָט'ס אָטעם, נאָר דעם סופלאָר'ס אָטעם, קוליסענאויפטרייס־
לענדע געשרייען, זאַנפטער אומעט באַגלייט מיט א קיצעלדיגער
פלייט, געשמינקטע אומשולד, וואָס איז פול מיט עברות, געפּיה־
לען פון מאַנאַטליכע שכירות, טראָמפּייטענטוש, א. אז. וו.

אויף אזא אופן האָבען די שוישפּיעלער זיך אליין עמאַנ־
ציפּירט פון די פּאָעטען און אויך פון דער פּאָעזיע. נאָר דער מי־
טעלמעסיקייט האָבען זיי נאָך ערלויבט צו פּראָדוצירען אויף זייער
געביט. זיי פּאַסען אבער אויף, אז עס זאָל ניט זיין קיין אמת'ער
דיכטער, וואָס שטופּט זיך אריין צו זיי אין א מאַנטעל פון מי־
טעלמעסיקייט. וויפיעל נסיונות האָט דער הער ראופּאַך געמוזט
אויסצושטעהן, איידער איהם איז געלונגען צו שטעלען א פּוס אויף
דעם טעאטער! און נאָך איצטער האָבען זיי אן אָפען אויג אויף
איהם, און ווען ער שרייבט א שטיק, וואָס איז ניט אין גאנצען
שלעכט, מוז ער אוים מורא פאר דעם אָסטראַציזם פון די קאָמע־
דיאַנטען גלייך צושטעלען א טוץ פון די מיזעראבעלסטע מאַכעריי־
קעס. איהר וואונדערט זיך אויף דעם וואָרט: „א טוץ"? דאָס איז
פון מיר גאָר ניט איבערטריבען. אָט דער מענש קען ווירקליך אָנ־
שרייבען יעדעס יאָהר א טוץ דראַמען. און מען באַוואונדערט אָט די
פּראָדוקטיוויטעט, אָבער „דאָס איז ניט קיין כשוף", האָט אמאָל
געזאָגט יאַנטשיען פון אמסטערדאַם, דער באַריהמטער טאַשענ־
שפּיעלער, ווען מיר האָבען באַוואונדערט זיינע קונצען. „דאָס איז
ניט קיין כשוף, דאָס איז נאָר געשווינדקייט."

עס איז אָבער דאָ נאָך אַן אנדערע אורזאַך פאַרוואָס דעם הער
ראופּאַך איז געלינגען צוצוקומען צו דער דייטשער ביהנע. וואָרים
אָט דער שריפטשטעלער, וואָס איז א געבוירענער דייטש, האָט א
לאַנגע צייט געלעבט אין רוסלאַנד. דאָרט האָט ער באַקומען זיין
בילדונג. און די מאָסקאָוויטישע מוזע איז דאָס געוועזן די יעניגע,
וואָס האָט איהם איינגעווייהט אין דער פּאָעזיע. אָט די מוזע, די
שענהייט אין סאָבעלפּעלץ, מיט דעם חנ'עווריג פּאַריסענעם נעזעל

האָט דערלאַנגט אונזער דיכטער א פול בראָנפען גלאָז מיט באַגייסטערונג, און האָט אויפגעהאַנגען אויף זיינע פלייצעס דעם בעכער מיט קירגיזישע וויץ־פיילען און איהם געגעבען אין האַנד אריין די טראַגישע קנוט. ווען ער האָט מיט איהר צום ערשטען מאָל א קלאַפּ געטאָן אין אונזערע הערצער, האָט ער אונז אויפגעטרייסעלט. דאָס פּרעמדאַרטיגע אין זיינע ארבייטען האָט אונז געמוזט מאַכען שטוינען. אודאי איז אונז אין ציוויליזירטען דייטשלאַנד, דער מענש ניט געפעלען געוואָרען. אָבער זיין אומ־געלומפּערטקייט און זיין אומגעשיקטע שנעלקייט האָט געמאַכט דאָס פּובליקום שטוינען. אלענפאַלס איז געווען אַן אָריגינעל בילד ווען דער הער ראופּאַך האָט אויף זיין סלאַווישען פּעגאַזוס, דעם קליינעם פערדיל, זיך א לאָז געטאָן אויף די סטעפּען פון דער פּאָעזיע, און האָט זיינע דראַמאַטישע שטאָפּען אויסגעוואָרעמט, אויף דעם אמת'דיג באַשקירישען אופן, אונטער דעם זאָטעל. דאָס האָט אויסגענומען אין בערלין, דאָרט וואו, ווי איהר ווייסט, עס ווערט גוט אויפגענומען אַליץ, וואָס איז רוסיש. דעם הער ראופּאַך איז געלונגען צו שטעלען א פוס אויף דער ביהנע. ער האָט פאַר־שטאַנען ווי אזוי זיך צו פאַרשטענדיגען מיט די שוישפּיעלער, און זינט א לאַנגע צייט ווערט, ווי שוין געזאָגט, ראופּאַך אַפּאַלאַ געמ־ליך פאַרעהרט צוזאַמען מיט דיאַנא בירש־פּפייפער, אין דעם טעמ־פּעל פון דער דראַמאַטישער קונסט. פאַר יעדען אקט, וואָס ער שרייבט, קריגט ער דרייסיג טהאַלער. און ער שרייבט לויטער זעקס־אקטיגע שטיקער, דערביי רופט ער אַן דעם ערשטען אקט פּראָלאָג. ער האָט שוין פאַרוקט אונטער דעם זאָטעל פון זיין פּעגאַזוס און דאָרטען אויסגעוואָרעמט אַלערליי סוזשעטען. קיין העלד איז ניט זיכער פון אזא טראַגישען שיקזאַל. ער האָט אפילו געפּאַקט זיגפריעד דעם דראַקאַנען־טויטער. די מוזע פון דער דייַ־טשער געשיכטע איז אין פאַרצווייפלונג. פונקט ווי ניאָבע באַ־טראַכט זי, א בלאַסע, צעוועהטאָגטע, די עדעלע קינדער וואָס ראו־פּאַך־אַפּאַלאָ האָט אזוי שוידערליך בעאַרבייט. אָ, יופּיטער! ער האָט אפילו געוואַגט צו לעגען א האַנד אויף די האָהענשטויפענס, אונזער אַלטען געליעבטען שוואַבישען קייזער. עס איז ניט געווען גענוג,

וואס דער הער פריעדריך ראומער האט זיי געשיכטליך געקווילעט
קומט נאך איצטער צו געהן דער הער ראופאך און מאכט זיי
צורעכט פאר׳ן טעאטער. ראומער׳שע הילצערנע פיגורען ציהט ער
איבער מיט זיין לעדערנע פאעזיע, מיט זיינע רוסישע יוכטען, און
דער אנבליק פון אזעלכע קאריקאטורען און זייער שלעכטער ריח
וועט אונז סוף כל סוף נאך פאר׳מיאוס׳ען די זכרונות אן דעם
שענסטען און עדעלסטען קייזער פון דייטשען פאטערלאנד. און די
פאליציי טוט גאר ניט אקעגען אזא פארברעכען? ווער ווייס צי האט
זי גאר ניט אליין א האנד אין דעם שפיעל! נייע אויפגעקומענע
פירשטענהייזער האבען ניט ליעב, אז דאס פאלק זאל זיך דער־
מאנען אן אלטע קייזארים, וועמענס ארט זיי וואלטען איצטער
וועלען פארנעמען. ניט ביי אימערמאן, ניט ביי גראבע און אפילו
ניט ביי דעם הער איכטריץ וועט דאס בערלינער טעאטער דירעק־
טאריום ניט באשטעלען קיין בארבאראסא. דעם הער ראופאך ווערט
אפט שטרענג אנגעזאגט, אז ער זאל זיך ניט וואגען צו נעמען אונ־
טער זיין זאטעל א האהענצאלערן. זאל זיך איהם דאס אמאל פאר־
גליסטען, וועט מען איהם באלד פאר׳בייטען דעם העליקאן אויף א
תפיסה.

די אידעענאססאציאציאן, וואס ענטשטעהט דורך קאנטראסטען, איז
שולדיג דעריין, וואס איך האב פלוצלונג גענומען רעדען פון דעם הער
ראופאך און מאדאם בירש־פפייפער, ווען איך האב גאר געוואלט
רעדען פון דעם הער אוהלאנד. אבער הגם דאס דאזיגע געטליכע
פאר געהערען ניט צו דער אייגענטליכער ליטעראטור, (אונזער
טעאטער־דיאנא נאך וועניגער ווי אונזער טעאטער־אפאלא), האב
איך דאך פון זיי אמאל געמוזט רעדען, ווייל זיי רעפרעזענטירען
איצטער די ברעטערוועלט. אלענפאלס איז אויף מיר געווען א חוב
פאר אונזערע אמת׳ע פאעטען צו דערמאנען כאטש מיט עטליכע
ווערטער, וואס פאר א סארט מענשען עס זענען דאס די לייט, וואס
האבען ביי אונז פארכאפט די הערשאפט איבער׳ן טעאטער.

## 5.

איך בין אין דעם אויגענבליק אין א מאדנער פארלעגנהייט.
איך דארף רעדען וועגען דער זאמלונג געדיכטען פון דעם הער לוד־
וויג אוהלאנד. און דאך געפין איך זיך אין א שטימונג, וואס איז
בשום אופן ניט גינסטיג פאר אזא ארבייט. שווייגען קען דא אויס־
זעהן ווי פייגהייט אדער גאר ווי פעראט, און ווידער עהרליכע
אפענע ווערטער קענען אויסגעטייטשט ווערען אלס מאנגעל אין
ליעבע צו דיין חבר. און, ווירקליך די נאהענטע פארעהרער פון דער
אוהלאנדישער פאעזיע און די שומרים פון זיין כבוד וועל איך מיט
דער היינטיגער באגייסטערונג מיינער ווינציג באפרידיגען. אבער
איך בעט אייך, איהר זאלט נעמען אין אכט די צייט און דעם ארט,
וואו און ווען איך שרייב דאס. פאר צוואנציג יאהרען, ווען איך בין
געוועז א אינגעל, יא, דאמאלט מיט וואס פאר א געוואלטיגער באר
גייסטערונג וואלט איך געקענט פייערן דעם אויסגעצייר
בענטען אוהלאנד! דאמאלט האב איך אפשר בעסער עמפפונדען
זיין פארטרעפליכקייט ווי היינט. ער איז געשטאנען נעהענטער
צו מיין ארט פיהלען און דענקען. אבער זינט דאמאלט האבען פא־
סירט אזוי פיעל זאכען! דאס וואס מיר פלעגען מיינען, אז עס
איז הערליך, יענע ריטערליכע און קאטוילישע וועלט, יענע ריטער,
וואס האבען זיך אין די אדעליגע דועלען צוהאקט און צושטאכען,
יענע זאנפטע קנאפען און גוטערצויגענע עדעלפרויען, יענע צפונ'־
לענדישע העלדען און מינעזינגער, יענע מאנאכען און נאנען, יענע
פאטערליכע קברים, יענע בלאסע ענטזאגונגס־געפיהלען, מיט דעם
גלאקען געקלאנג, און דאס טרויעריגע געזאנג, ווי ביטער מיאוס איז
מיר דאס אלץ געווארען זינט דאמאלט! וויפיעל מאל פלעג איך
זיצען אויף די חורבות פון דעם אלטען שלאס אין דיסעלדארף ביים

רהיין, און דעקלאמירען פאר זיך דאס שענסטע פון אלע אוהלאנד'שע ליעדער:

דער שענער פאסטוך טרייבט פארביי
זיין סטאדע נאהנט ביים קיניגסהויף;
די יונגפרוי זעהט פון טורעם איהם,
און ס'וואכט איהר בענקשאפט אויף.

זי רופט צו איהם אי זיס, אי ליעב:
„א, וואלט איך צו דיר מעגען געהן!
דארט ווייסען ווייס די לעמער זיך,
דא בלומען — רויט און שעהן!"

דער פאסטוך ענטפערט איהר ארויף:
„וואלסטו אראפגעהן נאר צו מיר!
ווי רויטלען רויט די בעקלעך זיך,
ווי ווייס — די הענט ביי דיר!"

און ווען ער טרייבט מיט שטילען וועה
זיין סטאדע אין דער פריה פארביי,
קוקט ער ארויף, ביז דארט באווייזט
זיין ליעבסטע זיך אויף ס'ניי.

דאן רופט ער פריינדליך איהר ארויף:
„געבענשט זיי, דו בת־מלכה מיין!"
איהר זיסע שטים קלינגט אפ דארויף:
„א דאנק, דו פאסטוך מיין!"

דער ווינטער שווינדט, דער פריהלינג קומט,
די בלומען בליהן אויף שריט און טריט,
דער פאסטוך קומט צום שלאס צוגעהן,
דאך זי באווייזט זיך ניט.

ער רופט דערנאָך פאַרצאַגט אַרויף:
„געבענשט זיי, דו בת־מלכּה מיין!“
אַ גייסטער־קלאַנג דערהערט זיך דרויף:
„אַדיע, דו פּאַסטוך מיין!“

ווען איך פלעג זיצען אויף די רואינען פון דעם אַלטען שלאָס און דעקלאַמירען דאָס ליעד, פלעג איך צייטענווייז הערען, ווי די ניקסען אין רהיין, וואָס ציהט זיך דאָרט פאַרביי, פלעגען מיר נאָכקרומען און עס פלעגט זיפצען און קרעכצען פון די כוואַליעס אַרויס מיט אַ קאָמישען פּאַטהאָס:

אַ גייסטער קלאַנג דערהערט זיך ד׳רויף:
אַדיע, דו פּאַסטוך מיין!

איך פלעג מיך אַבער ניט לאָזען שטערען פון אַזעלכענע שטי־פערייען פון די וואַסער־פרויען, אַפילו ווען זיי פלעגען ביי די שענסטע שטעלען פון אוהלאַנד׳ס געדיכטען לאַכען. איך פלעג דאַמאָלט מיינען, אַז מיט דעם כיכען מיינט מען מיך אַליין, איבערהויפּט אַרום פאַרנאַכט, ווען עס פלעגט ווערען פינסטערליך, און איך פלעג דעקלאַמירען מיט אַביסעל אַ הויכער שטים, כּדי דאָ־דורך איבערצושרייען דעם געהיימניספולען שרעק, וואָס די חורבות פון אַלטען שלאָס פלעגען אויף מיר אַרויפוואַרפען. טיילמאָל פלעגט זיך מיר דאַכטען, אַז איך הער פאַרביירוישען איהר לאַנגע זיידענע שלעפּ, און מיין האַרץ פלעגט מיר קלאַפּען... דאָס איז געוועזען דער אָרט און די צייט, ווען איך בין געוועזען באַגייסטערט פאַר די „גע־דיכטען פון לודוויג אוהלאַנד.“

דאָס זעלביגע בוך האַלט איך ווידער אין האַנד. אַבער זינט דאַמאָלט זענען אַוועק צוואַנציג יאָהר. איך האָב פאַר דער צייט אַ סך געהערט און אַ סך געזעהן, אפשר גאָר אַביסעל צו־פיעל. איך גלויב ניט מעהר אין מענשען אָהן קעפּ, און דער אַלטער שפּוק ווירקט מעהר ניט אויף מיין געמיט. דאָס הויז, אין וועלכען איך זיץ איצטער און לעז, ליגט אויף דעם בולוואַר „מאָנ־מאַרטר“; און דאָרטען שטראָמען די ווילדסטע כוואַליעס פון טאָג, דאָרטען

שרייען די העכסטע קולות פון דער מאָדערנער צייט; און עס לאַכט און שרייט און פויקט; די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע געהט פאַרביי מיט שטורם־טריט; און א יעדער רעדט פראַנצויזיש. — איז דען דאָס דער אָרט, וואָס מען קען לייענען אוהלאַנד'ס ליעדער? דריי מאָל האָב איך ווידער פאַר זיך דעקלאַמירט דעם שלום פון דעם אויבענ־דערמאָנטען ליעד, אבער איך עמפפינד מעהר ניט דעם וועה, וואָס האָט קיין נאָמען ניט, וועלכער פלעגט מיך אזוי אָפט אָנכאַפּען, ביי דער שטעלע, ווען דעם קעניגס טעכטעריל שטאַרבט און דער שענער פאַסטוך שרייט אַרויף צו איהר אזוי טרויעריג: „געבענטשט זיי, דו בת מלכה מיין".

א גייסטער קלאַנג דערהערט זיך ד'רויף:

אדיע, דו פאַסטוך מיין!

אפשר בין איך פאַר אזעלכענע ליעדער אביסעל קיהל געוואָ־רען, זינט איך האָב ערפאַהרען, אז עס איז פאַראַן א פיעל שמערצ־ליכערע ליעבע, ווי די וועלכע קען קיינמאָל ניט צוקומען צו דעם, וואָס מען ליעבט, אדער וועלכע מען פאַרלירט דורכ'ן טויט. און ווירקליך, עס איז פיעל שמערצליכער, ווען דער געליעבטער גע־גענשטאַנד ליגט טאָג און נאַכט אין אונזערע אָרעמס, אבער דורך דעם שטענדיגען ווידערשפּרוך און די שטענדיגע קאַפּריזען מאַכט ער אונז מיאוס דאָס לעבען טאָג און נאַכט, אזוי, אז מיר פאַר־שטויסען דאָס וואָס מיר האָבען צום מייסטען ליעב, און מיר מו־זען דאָס פאַרשאָלטענע געליעבטע ווייב אליין אַריינשטופּען אין פאַסטוואָגען און אוועקשיקען:

„אדיע, בת מלכה מיין!"

יא, שמערצליכער ווי דער פאַרלוסט דורכ'ן טויט איז דער פאַרלוסט דורכ'ן לעבען. צום ביישפּיעל, ווען די געליעבטע קעהרט זיך אָפּ פון אונז דורך א משוגע'נע לייכטזיניקייט, ווען זי וויל דוקא געהן צו א באַל, וואוהין קיין אָרענטליכער מענש קען זי ניט באַלייטען, און ווען זי דערלאַנגט דערנאָך בונט אויסגעפּוצטע און טראָציג פריזירטע איהר אָרעם דעם ערשטען בעס־טען לומפּ און קעהרט אונז צו דעם רוקען...

„אדיע, דו פאַסטוך מיין!"

אפשר איז עס דעם הער אוהלאַנד אליין אויך ניט געגאַנ־גען בעסער ווי אונז. אויך זיין שטימונג האָט זינט דאַמאָלט זיך געמוזט האָבען געביטען. מיט קליינע אויסנאַמען האָט ער פאַר די לעצטע צוואנציג יאָהר ניט געבראַכט אויפ׳ן מאַרק קיין נייע ליעדער. איך גלויב ניט, אז אָט דאָס שענע דיכטער־געמיט איז פון דער נאַטור באַשאַנקען געוואָרען אזוי קאַרג, און עס האָט נאָר אין זיך געטראָגען איין איינציגען פריהלינג. ניין, איך ערקלעהר מיר אוהלאַנד׳ס שטילשווייגען א סך גיכער מיט דעם ווידערשפּרוך, וואָס איז געוואָרען צווישען זיין מוזע און די פאָדערונגען פון זיין פּאָ־ליטישער שטעלונג. דער עלעגישער דיכטער, וואָס האָט פאַרשטאַ־נען אזוי גוט צו באַזינגען אין שענע באַלאַדען און ראָמאַנצען די קאַטויליש־פעאודאַליסטישע פאַרגאַנגענהייט, דער אָסיאַן פון מי־טעלאַלטער, איז אין דער „ווירטעמבורגער שטאַנדפאַרזאַמלונג“ גע־וואָרען א פאַרטרעטער פון פאָלקסרעכט, א בראַווער פאַרטיידיגער פון בירגערליכער גלייכהייט און גייסטיגער פרייהייט. אז אָט די דע־מאָקראַטישע און פּראָטעסטאַנטישע געזינונג איז ביי איהם אן אמת׳ע, דאָס האָט אוהלאַנד באַוויזען דורך דעם פּערזענליכען קרבן, וואָס ער האָט געבראַכט; און האָט ער זיך פריהער ערוואָרבען דעם דיכטערישען לאָרבערקראַנץ, האָט ער זיך איצטער אויך ערוואָרבען דעם דעמבענעם קראַנץ פון דער בירגערליכער טוגענד. אבער טאַקי דערפאַר, ווייל ער איז צו דער נייער צייט געווען אזוי עהרליך, האָט ער דאָס אַלטע ליעד פון דער אַלטער צייט מעהר ניט געקענט זינגען מיט דער פריהערדיגער באַגייסטערונג; און אזוי ווי זיין פּעגאַזוס איז נאָר געווען א ריטערליך פערד, וואָס אין דער פאַר־גאַנגענהייט איז עס געלאָפען מיט חשק און ווען עס האָט געדאַרפט געהן פאָרווערטס אין דער מאָדערנער צייט, האָט עס זיך גלייך אָפּגעשטעלט, איז דער בראַווער אוהלאַנד אראָפּ פון איהם מיט א שמייכעל, האָט רוהיג פון איהם אראָפּגענומען דעם זאָטעל און דאָס אונפאַסיגע פערד געהייסען אָפּפיהרען אין שטאַל אריין. דאָרטען געפינט עס זיך נאָך ביז צום הייגטיגען טאָג, און ווי זיין חבר, באַיאַרד׳ס פערד, האָט עס אַלע מעגליכע גוטע מדות, און נאָר איין איינציגען חסרון: ער איז טויט.

שארפערע בליקען ווי מיינע, האבען ניט פארפעהלט צו זעהן, אז דאס הויכע ריטערליכע פערד מיט זיינע בונטע פאנצערדעקען און שטאלצע פעדערן, האט זיך קיינמאל ניט געפאסט צו דעם בירגערליכען רייטער, וועלכער האט געטראגען אויף די פיס אנשטאט שטיוועל מיט גאלדענע שפארן, בלויז שיך מיט זיידענע זאקען, און אויף דעם קאפ אנשטאט א העלם, נאר א טיבינגער דאקטאר־הוט. זיי ווילען האבען אויסגעפונען, אז דער הער לודוויג אוהלאנד האט קיינמאל ניט געקענט איינשטימען מיט זיין טעמא. אז ער האט אייגענטליך די נאיווע, גרויענהאפט קרעפטיגע טענער פון מיטעלאלטער קיינמאל ניט איבערגעגעבען אין אידעאליזירטער ווארהייט. נאר האט זיי גיכער אויפגעלעזט אין א קרענקליכער סענטימענטאליטעט; אז ער האט אויך די שטארקע קלאנגען פון דער העלדענזאגע און פון פאלקסליעד ווייך אפגעקאכט, כדי זיי צו מאכען געניסבאר פאר דעם מאדערנעם פובליקום. און ווירקליך, ווען מען באטראכט גענוי די פרויען פון אוהלאנדס געדיכטען, זעהט מען, אז דאס זענען נאר שענע שאטענס, פארקערפערטער לבנה־שיין, אין די אדערן־מילך, אין די אויגען זיסע טרעהרען, נעמליך טרעהרען אהן זאלץ. פארגלייכט מען אוהלאנד'ס ריטער מיט די ריטער פון די אלע געזאנגען, דאכט זיך אויס, אז זיי באשטעהן פון בלעכענע פאנצערס, אין וועלכע עס שטעקען אנשטאט פלייש און ביינער, לויטער בלומען. אוהלאנד'ס ריטער שמעקען דערפאר פאר צארטע נעזער א סך אנגענעמער ווי די אלטע גבורים, וואס האבען געטראגען אייזערנע הויזען און האבען אסך געפרעסען און נאך מעהר געזויפען.

אבער דאס זאל ניט קלינגען ווי א פארוואורף. דער הער אוהלאנד האט בשום אופן ניט געוואלט געבען קיין אמת'ע קאפיע פון דער דייטשער פארגאנגענהייט. ער האט אונז אפשר גיכער געוואלט דערפרעהען דורך זייער ווידערשיין. און ער האט זיי דערפאר פריינדליך געלאזט אבשפיגלען אין דער האלבטונקעלער פלאכקייט פון זיין גייסט. דאס האט אפשר זיינע געדיכטען צוגעגעבען א באזונדערן חן. און זיי האבען זיך דערפאר ערווארבען די ליעבע פון א סך זאנפטע און גוטע מענשען. די בילדער פון דער פארגאנ־

געגהייט באַ'כשופ'ן אפילו דעמאָלט, ווען זיי באַווייזען זיך אין אַ שוואַכער אָפּשפּיגלונג. זאָגאַר מענשען, וואָס האַלטען פון דער מאָדערנער צייט, האָבען אויך אַלע מאָל אַ געהיימע סימפּאַטיע פאַר די מעשיות פון די אַלטע צייטען; וואונדערבאַר באַריהרען אונז די דאָזיגע שטימען, אפילו ווען מיר הערען זיי נאָר אין דעם שוואַכסטען אָפּקלאַנג. און עס איז דערפאַר לייכט צו באַגרייפען, אַז די באַלאַדען און ראָמאַנצען פון אונזער אויסגעצייכענטען אוהלאַנד, האָבען גושא חן געווען ניט בלויז ביי די פּאַטריאָטען פון 1813, ביי פרומע בחורים'לעך און סענטימענטאַלע מיידלעך, נאָר אויך ביי אַ טייל שטאַרקערע און אַזעלכענע וואָס דענקען מאָדערן.

איך האָב ביי דעם וואָרט פּאַטריאָטען צוגעגעבען דאָס יאָהר 1813, כדי צו מאַכען אַז אונטערשייד צווישען זיי און די היינטיגע פריינד פון פאַטערלאַנד, וואָס לאַבען זיך ניט מעהר מיט די עראַי־נערונגען פון דעם אַזויגערופענעם פרייהייטס־קריעג. יענע עלטערע פּאַטריאָטען האָבען אין אוהלאַנד'ס מוזע געמוזט געפינען דעם גרעסטען פאַרגעניגען. וואָרים די מייסטע פון זיינע געדיכטען האָבען געשוועגגערט מיט דעם גייסט פון זייער צייט. אַ צייט, אין וועלכער זיי האָבען אַליין נאָך געשוועבט אין יוגענד־געפיהלען און שטאָלצע האָפענונגען. אָט די פאַרליעבע פאַר אוהלאַנד'ס געדיכ־טען, האָבען יענע פּאַטריאָטען איבערגעגעבען צו זייערע נאָכבע־טער, און די יונגען אויף די טורנפּלעצער איז עס אַמאָל געווען פּאַרע־כענט פאַר פּאַטריאָטיזם, ווען זיי האָבען זיך פאַרשאַפט אוהלאַנד'ס געדיכטען. זיי האָבען אין זיי געפונען געדיכטען, וואָס אפילו אַ מאַקס שענקענדאָרף און דער הער ערנסט מאָריץ אַרנדט וואָלטען ניט געקענט בעסער דיכטען. און ווירקליך, וועלכעס אייניקעל פון אַרמיניוס און דער בלאָנדער טהוסנעלדאַ וועט ניט באַפרידיגט זיין פון דעם אוהלאַנד'ישען געדיכט:

„פאַרוועררטס שנעל פון אָרט צו אָרט!
רוסלאַנד רופט דאָס שטאָלצע וואָרט:
פאַרוועררטס!

פרייסען הערט דאָס שטאָלצע וואָרט,
גיט עס איבער פון אָרט צו אָרט:
פאָרווערטס!

אויך, דו שטאַרקעס עסטערייך,
פאָרווערטס! מיט די אַנדערע גלייך!
פאָרווערטס!

אויך דו אַלטעס זאַקסענלאַנד,
געהט אַלץ ווייטער האַנד ביי האַנד,
פאָרווערטס!

באַיערן, העסען אין די רייה'ן!
שוואַבען, פראַנקען, צו דעם רהיין!
פאָרווערטס!

פאָרווערטס האָלאַנד, נידערלאַנד!
הויך די שווערד אין פרייער האַנד,
פאָרווערטס!

גריס אייך גאָט, דו שווייצער בונד!
עלזאַס, לאָטרינגען, בורגונד!
פאָרווערטס!

פאָרווערטס שפּאַניען, ענגעלאַנד!
גיט די ברידער באַלד די האַנד!
פאָרווערטס!

פאָרווערטס שנעל פון אָרט צו אָרט!
גוטער ווינד און שנעלער פאָרט!
פאָרווערטס!

פ א ר וו ע ר ט ס  הייסט א פעלדמארשאל,
פארווערטס, קריגער, איבעראל!
פארווערטס!

איך ווידערהאל, אז די מענשען פון 1813 האבען אין אוה־לאנד'ס געדיכטען געפונען דעם גייסט פון זייער צייט, און ניט בלויז דעם פאליטישען, נאר אויך דעם מאראלישען און עסטעטי־שען גייסט. דער הער אוהלאנד רעפרעזענטירט א גאנצען פעריאד. און ער רעפרעזענטירט איהם איצטער כמעט איינער אליין, ווארום די איבעריגע רעפרעזענטאנטען פון יענעם פעריאד זענען פארגע־סען געווארען, און זיי ווערען אלע רעזומירט ווירקליך אין אוהלאנד'ן. דער טאן, וואס הערשט אין אוהלאנד'ס ליעדער, באלאדען און ראמאנצען, איז געווען דער טאן פון אלע זיינע ראמאנטישע צייטגענאסען, און א טייל פון זיי האבען געשא־פען, אויב ניט עפעס, וואס איז בעסער, איז וועניגסטענס פונקט אזוי גוט. און דא איז דער ארט, וואו איך קען נאך נאכזאגען א שבח צו א טייל פון דער ראמאנטישער שולע, וועלכע, ווי שוין געזאגט, האבען בנוגע דעם שטאף און דעם טאן א גרויסע עהנליכ־קייט צו דעם הער אוהלאנד, און אפילו פאעטיש שטעהען זיי ניט א סך הינטערשטעליג הינטער איהם, ניט מעהר וואס זיי זענען ניט אזוי זיכער מיט דער פארם ווי ער. אין דער אמת'ן, וואס פאר אן אויסגעצייכענטער דיכטער איז דער פרייהער פאן אייכענדארף; די ליעדער, וואס ער האט אריינגעוועבט אין זיין ראמאן „אהנונג און געגענווארט", לאזען זיך מיט גאר ניט אונטערשיידען פון אוה־לאנדס ליעדער, און דאס פון זיינע בעסטע. דער אונטערשייד בא־שטעהט נאר אין דער גרינערער וואלד־פרישקייט און דער קרים־טאלהאפטערער קלארהייט פון אייכענדארף'ס ליעדער. דער הער יוס־טיניוס קערנער, וואס איז כמעט גאר ניט באקאנט, פארדיענט דא אויך דערמאנט צו ווערען מיט לויב; אויך ער האט געדיכטעט אין דעמזעלביגען טאן און אויף דעם זעלביגען אופן די מוטיגסטע ליע־דער. ער איז אוהלאנד'ס א לאנדסמאן. דאסזעלביגע איז אויך דער פאל מיט גוסטאוו שוואב. א באריהמטער דיכטער, וואס האט אויך

ארויסגעבליהט פון די שוואבישע לאנדשאפטען, און וועלכער דערקוויקט אונז נאך יעדעס יאהר מיט שענע און שמעקעדיגע ליעדער. באזונדערס פארמאגט ער טאלענט פאר באלאדען. און ער האט די היימישע זאגען אין דער דאזיגער פארם באזונגען אויף דעם פריידיגסטען אופן. ווילהעלם מילער, וועלכען דער טויט האט פון אונז אוועקגעריסען, ווען ער איז נאך געווען גאר יונג, מוז דא אויך דערמאנט ווערען. אין דער נאכבילדונג פון דעם דייטשען פאלקסליעד איז ער פונקט אזוי גרויס ווי אוהלאנד. מיר דאכט זיך גאר, אז אויף דעם געביט, איז ער טיילמאל נאך גליקליכער, און שטייגט איהם אריבער אין נאטירליכקייט. ער האט טיעפער דערקענט דעם גייסט פון די אלטע ליעדער־פארמען. און האט דערפאר ניט באדארפט זיי אויסערליך נאכצומאכען. מיר געפינען דערפאר ביי איהם, א פרייערע האנד ביי איבערגאנגען און א פארשטענדיג אויסמיידען פון אלע פארעלטערטע ווענדונגען און אויסדרוקען. דער פארשטאר־בענער וועצעל. וואס איז היינט שוין אין גאנצען פארגעסען, מוז דא אויך דערמאנט ווערען. אויך ער איז גאר נאהענט צו אונזער אוהלאנד'ען. און אין עטליכע ליעדער זיינע, וואס איך קען זיי, איבערטרעפט ער איהם אין זיסקייט און אויסגעהענדיגער הארציקייט. אט די ליעדער זיינע, וואס זענען האלב בלום און האלב שמעטערלינג, האבען געשמעקט און געפלאטערט אין איינעם פון די עלטערע יאהרגאנגען פון בראקהאוז'ס „אוראניא". אז דער הער קלעמענס ברענטאנא האט זיינע מעהרסטע ליעדער געדיכטעט אין דעמזעלביגען טאן און אין אופן פון געפיהלען ווי אוהלאנד, פארשטעהט זיך פון זיך אליין: זיי שעפען ביידע פון זעלביגען קוואל, די פאלקסגעזאנגען. און באטען אונז דעמזעלביגען געטראנק. נאר די שאל צום טרינקען, די פארם איז ביי הער אוהלאנד אביסעל קיילעכדיגער. פון אדאלבערט פאן שאמיסא דארף איך דא אייגענטליך ניט רעדען. ווארים הגם ער איז א צייטגענאסע פון די ראמאנטיקער און האט אנטייל גענומען אין זייער באוועגונג, האט זיך דאך דאס הארץ פון אט דעם מאן אין דער לעצטער צייט אזוי פאראינגערט, אז ער איז איבערגעגאנגען אין גאנץ נייע טאנארטען.

און ווערט פֿאַרעכנט פֿאַר איינעם פֿון די אייגנטימליכסטע און באַדייטענדסטע פֿון די מאָדערנע דיכטער. ער געהערט אַ סך מעהר צום יונגען דייטשלאַנד ווי צו דעם אַלטען. אָבער אין די ליעדער פֿון זיין פֿריהערדיגען פּעריאָד וועהט דערזועלביגער אָטעם, וואָס שטראָמט אונז אַקעגען פֿון אוהלאַנד'ס געדיכטען: דערזעלביגער קלאַנג, דיזעלביגע פֿאַרב, דערזעלביגער ריח, דערזעלביגער טרויער, און דיזעלביגע טרעהר... שאַמיסאָ'ס טרעהרען זענען אפשר ריה־רענדער, ווייל זיי שטראָמען ארויס, גלייך ווי אַ קוואַל, וואָס זעצט פֿון אַ פֿעלד, פֿון אַ פּיעל שטאַרקערן האַרץ.

די געדיכטען, וואָס דער הער אוהלאַנד האָט געשריעבען אין דרום'דיגע פֿערזאַרטען, זענען אזוי עהנליך צו די סאָנעטען, אַסאָ־נאַנצען און אָטאַוורימען פֿון זיינע חברים פֿון דער ראָמאַנטישער שולע, און מען קען זיי קיינמאָל ניט אונטערשיידען אזוי גוט אין זייער פֿאָרם ווי אין זייער טאָן. אָבער, ווי געזאָגט, די מייסטע פֿון אוהלאַנד'ס צייט־גענאָסען צוזאַמען מיט זייערע געדיכטען זענען פֿאַרגעסען געוואָרען. די לעצטע געפֿינט מען נאָך מיט גרויס מיה אין אַזעלכענע פֿאַרגעסענע זאַמלונגען, ווי דער „דיכטער־וואַלד", די „זעגנגערפֿאַהרט", און עטליכע פּרויען און מוזען אַלמאַנאַכען, וואָס די הערען פּוקע און טיעק האָבען ארויסגעגעבען. אין אַלטע צייטשריפֿטען, אין אַזויגע, ווי אַכים פֿאָן אַרנים'ס „טרעסטאיינזאַמ־קייט" און אין דער „ווינשעלרוטהע", וואָס איז רעדיגירט געוואָרען פֿון היינריך שטראַובע און רודאָלף קריסטיאַני, אין די דאַמאָלדיגע טעגליכע צייטונגען און גאָט וויים וואו נאָך!

דער הער אוהלאַנד איז ניט דער טאַטע פֿון אַ שולע, ווי למשל שילער אָדער געטהע, אָדער אַנדערע אַזעלכענע, פֿון וועמענס אינ־דיווידואַליטעט עס האָט ארויסגעדרונגען אַ נייער טאָן, וועלכער האָט אין די דיכטונגען פֿון זיינע צייטגענאָסען געפֿונען אַ באַשטימ־טען נאָכקלאַנג. דער הער אוהלאַנד איז ניט קיין טאַטע פֿון קיין שולע, נאָר ער איז אַליין בלויז אַ קינד פֿון אַ שולע, וועלכע האָט איהם איבערגעגעבען אַ טאָן, וואָס איז איהר אַליין אויך ניט געווען קיין אורשפּרינגליך אייגענער, נאָר וועלכען זי האָט מיט גרויס מיה ארויסגעקוועטשט פֿון פֿריהערדיגע דיכטערווערק. אָבער אַלס

ערזאץ פאר דעם מאנגעל אין אריגינאליטעט, אין אייגענטימליכער נייקייט, האט אונז דער הער אוהלאנד געגעבען א מאסע אויסגעצייכענטע זאכען, וואס זענען פונקט אזוי הערליך ווי זעלטען. ער איז דער שטאלץ פון דעם גליקליכען שוואבענלאנד, און אלע וואס רעדען דייטש דערפרעהען זיך מיט אט דעם זינגער־געמיט. אין איהם רעזומירען זיך די מייסטע פיינע לירישע שפיעלערייען פון דער ראמאנטישער שולע, וועלכע דאס פובליקום האט איצטער ליעב און פארעהרט אין דעם איין איינציגען מענשען. און מיר פארעהרען איהם און ליעבען איהם איצטער אפשר נאך הארציגער, ווייל מיר האלטען דערביי, זיך אויף אייביג פון איהם צו שיידען.

אך! ניט פון דעם אייגענעם חשק, נאר הארכענדיג דאס געזעץ פון דער נויטווענדיקייט הויבט זיך דייטשלאנד אן צו ריהרען... עס ווארפט אן אומעטיגען בליק אויף דער פארגאנגענהייט, וואס עס לאזט הינטער זיך נאך; איינמאל בויגט עס זיך געפיהלפול אראפ איבער יענער אלטער צייט, וואס קוקט אויף אונז ארויס פון אוהלאנד'ס געדיכטען אזוי שטארבענדיג בלייך, און עס געזעגענט זיך מיט איהר מיט א קוש. און נאך א קוש. פון מיינעטוועגען אפילו טרעהרען. אבער לאמיר דא מעהר ניט פארווייילען מיט א גאר ניט טוענדיגען רחמנות...

פארווערטס שנעל פון ארט צו ארט!
פ ר א נ ק ר י י ך רופט דאס שטאלצעווארט:
פארווערטס!

## 6.

„ווען קייזער אטא דער דריטער, איז מיט יאָהרען און יאָהרען שפּעטער צוגעקומען צום קבר, וואו עס האָבען גערוהט די ביינער פון׳ם קייזער קארל, איז ער מיט צוויי בישאָפען און מיט דעם גראף פאָן לאומעל (וועלכער האָט דאָס אלץ דערצעהלט) אריין אינוויניג אין דער הייל אריין. דער טויטער איז ניט געלעגען, ווי אנדערע מתים, נאָר איז געזעסען ווי א לעבעדיגער אויף א שטוהל. אויף זיין קאָפּ איז געווען א גילדערנע קרוין, דעם סצעפּטער האָט ער געהאלטען אין די הענד, וואָס האָבען געשטעקט אין לעדערנע הענדשקעס, די נעגעל פון די פינגער האָבען אבער געהאט דורכגעלעבערט דאָס לעדער און האָבען ארויסגעוואקסען. דער קבר איז געווען פעסט געמויערט פון מאַרמאָר און קאַלך. כדי אהין ארייצוקומען, האָט מען געמוזט דורכהאקען א לאָך. אזוי שנעל ווי זיי זענען אריין אינוויניג, האָבען זיי דערשפּירט א שטארקען ריח. אלע האָבען זיי איינגעבויגען די קניה און האָבען דעם טויטען ארויסגעוויזען גרויס כבוד. קייזער אָטאָ האָט איהם אָנגעטאָן א ווייס העמד, און איהם באשניטען די נעגעל, און געלאָזט אויסבעסערען, אלץ וואָס מען האָט געדארפט אויסבעסערן. פון די גליעדער זענען קיין איינציגער ניט געווען פארפוילט, א חוץ די שפּיץ פון דער נאָז, פון וועלכער עס האָט געפעהלט א שטיקעל. אָטאָ האָט געלאָזט מאכען אן אנדער שפּיץ־נאָז פון גאָלד. אויפ׳ן לעצט האָט ער פון קארל׳ס מויל ארויסגענומען א צאָהן און געלאָזט דעם קבר צוריק פארמויערן, און ער איז אוועק פון דאָרטען.— ביינאכט איז איהם דער קייזער קארל געקומען צו חלום און האָט איהם געזאָגט, אז ער וועט ניט אלט ווערען און אז ער וועט נאָך זיך ניט איבערלאָזען קיין יורש.“

אַט דאָס דערצעהלען אונז די „דייטשע זאַגען.“ דאָס איז אָבער ניט דער איינציגער ביישפּיעל פון אזעלכענע לעגענדען. אזוי האָט אויך אייער קעניג פראַנץ געלאָזט עפענען דעם קבר פון דעם באריהמטען ראָלאנד, כּדי צו זעהן, אויב דער דאָזיגער העלד איז טאַקי געווען אזא ריעז, ווי די דיכטער האָבען דערצעהלט וועגען איהם, דאָס איז געשעהן קורץ פאַר דער מלחמה פון פּאַוויאַ. סעבּאַסטיאַן פון פּאָרטוגאַל האָט אויך געלאָזט עפענען די קברים פון זיינע אבות און ער האָט באטראַכט די טויטע מלכים, איידער ער איז אַפּגעפאָהרען קיין אפריקא.

דאָס איז אמאָדנע שרעקליכע נייגעריקייט, וואָס טרייבט אַפּט די מענשען אריינצוקוקען אין די קברים פון דער פארגאנגענהייט! געוועהנליך געשעהט דאָס אין אויסערגעוועהנליכע צייטען, ווען עס ענדיגט זיך א געוויסער פּעריאָד, אָדער פאַר אַ קאַטאַסטראָפע. אין אונזערע אייגענע טעג האָבען מיר אויך דערלעבט אַן עהנליכע ערשיינונג. א גרויסער סאָווערען, דאָס פראַנצויזישע פאָלק, האָט פּלוצלונג חשק געקראָגען צו עפענען דעם קבר פון דער פארגאנגענהייט און ביים ליכטיגען טאָג צו באטראַכטען די פון לאַנג פאַרשאָטענע און פארגעסענע צייטען. עס האָבען ניט אויסגעפעהלט קיין געלערנטע טויטענגרעבער, וואָס זענען מיט דעם רידעל און דעם גראָב־אייזען שנעל געווען ביי דער ארבייט, כּדי אוועקצושאַרען דאָס אַלטע אַש און צו עפענען די קברים. עס האָט זיך באַלד דערפיהלט אַ שטאַרקער ריח, וועלכער האָט אלס גאָטישער Haut - Gout זעהר אנגענעם געקיצעלט די נעזער, וואָס זענען געוועהנט געווען צו רויזענאייל. די פראַנצויזישע שריפטשטעלער האָבען מיט יראת הכבוד זיך אראָפּגעלאָזט אויף די קניה פאַר דעם אויפגעדעקטען מיטעלאַלטער. איינער האָט איהם אָנגעטאָן אַ ניי קלייד, אַ צווייטער האָט איהם באשניטען די נעגעל, אַ דריטער האָט איהם ארויפגעשטעלט אַ נייע נאָז; צולעצט זענען געקומען עטליכע פּאָעטען, וואָס האָבען דעם מיטעלאַלטער אויסגעריסען עטליכע ציינער. אַלץ ווי קייזער אָטאָ.

צי דער גייסט פון מיטעלאַלטער האָט זיך צו די פּאָעטען אויך באוויזען אין חלום, און זייער ראָמאַנטישער הערשאַפט אויף

נביאות געזאָגט אַ שנעלען סוף, דאָס ווייס איך ניט. איך דערמאָן די דאָזיגע ערשיינונג בכלל נאָר דערפאַר, כדי באַשטימט צו דער־קלערן, אַז איך האָב ניט אין זינען צו נעמען ניט קיין דירעקטע און ניט קיין אינדירעקטע שטעלונג, ווען איך האָב אין דעם בוך באַשפּראָכען אַן עהנליכע ערשיינונג, וואָס האָט זיך אויך אָפּגע־שפּיגעלט אין דייטשלאַנד, מיט אַביסעל צו שאַרפע ווערטער. די שריפטשטעלער, וואָס האָבען אין דייטשלאַנד אַרויסגעצויגען דאָס מיטעלאַלטער פון קבר, האָבען געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן צוועק, ווי מען האָט דאָס געקענט זעהן אין די בלעטער פון אָט דעם בוך. און די ווירקונג וואָס זיי האָבען געקענט האָבען אויף די גרויסע מאַסען, האָט געשטעלט אין געפאַהר די פרייהייט און דאָס גליק פון מיין פאָ־טערלאַנד. די פראַנצויזישע שריפטשטעלער האָבען נאָר געהאַט אַר־טיסטישע אינטערעסען, און דאָס פראַנצויזישע פּובליקום האָט נאָר געזוכט צו באַפרידיגען זיין פּלוצלונג אויפגעוואַכטע נייגעריקייט. די מייסטע האָבען אַריינגעקוקט אין די קברים פון דער פאַרגאַנגענ־הייט נאָר מיט דער אַבזיכט, כדי פאַר זיך אויסצוזוכען אַ פּאַסיג קלייד פאַר דעם קאַרנעוואַל. די מאָדע פון דעם גאָטישען איז אין פראַנקרייך טאַקי נאָר געווען אַ מאָדע. און זי האָט געדיענט נאָר דערצו, כדי צו דערהויבען די לוסט פון דער געגענוואַרט. מען האָט זיך געלאָזט וואַקסען לאַנגע האָר אויף מיטעלאַלטערליכען שטיי־גער. טאָמיר אָבער האָט דער שערער געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס פּאַסט ניט צום פּנים, האָט מען זיי גלייך געלאָזט אָפּשניי־דען צוזאַמען מיט די מיטעלאַלטערליכע אידעען, וואָס באַלאַנגען צו זיי. אַך! אין דייטשלאַנד איז דאָס אַנדערש. אפשר דערפאַר ווייל דאָרט איז דער מיטעלאַלטער ניט, ווי ביי אייך, אין גאַנצען טויט. דער דייטשער מיטעלאַלטער ליגט ניט פאַרשאַטען אין קבר, גיכער ווערט ער טיילמאָל באַלעבט פון אַ בייזען רוח, און קומט צווישען אונז אין מיטען העלען טאָג, און פאַנגט אונז דאָס רויטע לעבען פון דער ברוסט...

אַך! זעהט איהר ניט ווי דייטשלאַנד איז אַזוי טרויריג און בלייך? אפילו די דייטשע יוגענד, וואָס האָט דאָ ערשט ניט לאַנג אַזוי באַגייסטערט געיובעלט? זעהט איהר ניט ווי בלוטיג עס

אין דאָס מויל פון דעם באַפּולמעכטיגטען וואמפּיר, וואָס וואוינט אין פראנקפורט און זויגט דאָרט אזוי שוידערליך לאנגזאם און לאנגווייליג ביים הארץ פון דייטשען פאָלק?

וואָס איך האָב אָנגעוויזען בנוגע דעם מיטעלאלטער בכלל, דארף גאָר באזונעדרס אָנגעווענדט ווערען אויף זיין רעליגיאָן. עהרליכקייט פאָדערט, אז איך זאָל מאכען אַן אונטערשייד צווישען א פּארטיי, וואָס מען רופט זי דאָ אין פראנקרייך די קאטוילישע, און יענע פינסטערע חברה־לייט, וואָס פיהרען דעמזעלביגען נאָמען אין דייטשלאנד. אין אָט די בלעטער האָב איך נאָר גערעדט פון די לעצטע. און דאָס, מיט אויסדריקען, וועלכע איך האלט נאָך אלץ פאר צו לינדע. זיי זענען דאָס די שונאים פון מיין פאָטערלאנד. א קריכעריש געזינדעל, חנופה׳דיג, ליגנעריש און שרעקליכע פּחדנים. זיי שיפּען ווי שלאנגען אין בערלין. זיי שיפּען אין מינכען, און ווען דו דרעהסט זיך ארום אויף דעם בולוואר מאָנטמאַרטער, פיהלסט דו פּלוצלינג א שטאָך אין דער לענד. אבער מיר צוטרעטען איהר דעם קאָפּ, דער אלטער שלאנג. דאָס איז די פּארטיי פון ליגען, דאָס זענען די קנעכטישע משרתים פון דעספּאָטיזם, די רעסטאָראטאָרען פון אלעם שלעכטען, אלע גרוילקייטען און נארעשקייטען פון דער פארגאנגענהייט. ווי הימעל ווייט פון זיי איז יענע פּארטיי, וואָס מען רופט זי דאָ די קאטוילישע, און וועמענס קעפּ עס זענען די טאלענטפולסטע שריפטשטעלער פון פראנקרייך. ווען זיי זענען אפילו ניט אונזערע מיטקעמפּער, קעמפען מיר דאָך פאר די זעלביגע אינטערעסען. נעמליך, פאר די אינטערעסען פון דער מענשהייט. אין דער ליעבע צו דער מענשהייט זענען מיר אייניג. מיר אונטערשיידען זיך נאָר אין די אנזיכטען, וואָס עס איז גוט פאר דער מענשהייט. יענע גלויבען, אז די מענשהייט דארף נאָר האָבען דעם גייסטליכען טרייסט, מיר פארקעהרט זענען מיט דער מיינונג, אז זיי דארפען פיעל גיכער דאָס קערפּערליכע גליק. ווען יענע, די קאטוילישע פּארטיי אין פראנקרייך, פארשטעהן אליין ניט זייערע אייגענע באדייטונג און גיבען זיך אָן אלס די פּארטיי פון דער פארגאנגענהייט, אלס די רעסטאָראַטאָרען פון דעם גלויבען פון דער פארגאנגענהייט, מוזען מיר זיי

נעמען אין שוץ אקעגען זייער אייגענעם עדות זאָגען. דאָס אכ־ צעהנטע יאָהרהונדערט האָט דעם קאַטוּיליציזם אין פראַנקרייך אזוי גרידנליך איבערגעארבייט, אז עס איז פון איהם כמעט קיין שפור ניט געבליעבען. און דער יעניגער, וואָס וויל אין פראַנקרייך צוריק איינפיהרען דעם קאַטוּיליציזם, פרעדיגט אין דער גלייכער צייט א גאַנץ נייע רעליגיאָן. אונטער דעם וואָרט פראַנקרייך פאַר־ שטעה איך פאַריז, און ניט די פּראָווינץ; וואָרים דאָס וואָס די פּראָווינץ דענקט, איז פּונקט אזא גלייכגילטיגע זאַך, ווי דאָס וואָס אונזערע פיס דענקען; דער קאָפּ איז דער פּלאַץ, וואו עס וואוינען אונזערע געדאנקען. מען זאָגט מיר, אז די פראַנצויזען אין דער פּראָווינץ זענען גוטע קאַטוּיליקען. איך קען ניט זאָגען ניט יאָ און ניט ניין. די מענשען, וואָס איך האָב געפונען אין דער פּראָווינץ האָבען אלע אויסגעזעהן ווי מיילען אָנווייזערס, וועלכע האָבען אויף זייערע שטערנס געהאט אָנגעשריעבען ווי ווייט זיי זענען פון דער הויפּטשטאָדט. די פרויען אין דער פּראָווינץ זוכען אפשר טרייסט אין קריסטענטום, ווייל זיי קענען ניט לעבען אין פאַריז. אין פאַריז אליין האָט דאָס קריסטענטום פון זינט דער רעוואָלו־ ציאָן ניט עקזיסטירט. און שוין פריהער האָט עס דאָ געהאט פאַר־ לוירען יעדע רעאלע באדייטונג. אין א פאַרוואָרפענעם קירכען־ ווינקעל איז עס געלעגען, דאָס קריסטענטום ווי א שפּין, און ווען ניט ווען איז עס האסטיג ארויסגעשפּרונגען, ווען עס האָט געזעהן, אז עס קען א כאַפּ טאָן א קינד אין דער וויג אָדער א זקן אין זיין טויטענקאסטען. יאָ, נאָר אין די צוויי פּעריאָדען, ווען ער איז גע־ קומען אויף דער וועלט און ווען ער האָט געדאַרפט פאַרלאָזען די וועלט, איז דער פראַנצויז געווען אונטער דער מאכט פון קאַטוּילישען גלח. אין דער גאַנצער צווישען־צייט איז ער געווען ביי דער פאַרנונפט און זיך אויסגעלאכט פון היילִיגען וואסער און פון אייל. אבער הייסט דאָס א הערשאַפט פון קאַטוּיליציזם? טאַקי דערפאַר, ווייל ער איז אין פראַנקרייך געווען אין גאַנצען אויסגעלאָשען, האָט ער אין דער צייט פון לודוויג דעם אכצעהנטען און קאַרל דעם צעהנטען, דורך דעם רייץ פון זיין נייקייט געקענט אויך געווינען פאַר זיך עטליכע אונאייגענניציגע גייסטער. דער קאַטוּיליציזם איז דאַמאָלט

געווען עפּיס אזוי אונערהערט, אזוי פריש, עפּיס אזוי איבערראַ־
שענדיג! די רעליגיאָן, וואָס האָט ניט לאַנג פאַר יענער צייט גע־
הערשט אין פראַנקרייך, איז געווען די קלאַסישע מיטאָלאָגיע. און
אָט די שענע רעליגיאָן איז צום פראַנצויזישען פאָלק געפּרעדיגט
געוואָרען מיט אזא ערפאָלג פון זיינע שריפטשטעלער, דיכטער
און קינסטלער, אז די פראַנצויזען זענען ביים סוף פון פאָריגען
יאהרהונדערט, סאַי אין זייערע טאַטען און סאַי אין זייער דענקען
געווען אין גאַנצען געצענדינעריש. בשעת דער רעוואָלוציאָן האָט די
קלאַסישע רעליגיאָן געבליהט אין איהר שענסטער הערליכקייט;
דאָס איז ניט געווען קיין אַלעקסאַנדרינישע נאָכמאַכען ווי אַן אַף,
פּאַריז איז געווען די נאַטירליכע פאָרטזעצונג פון אַטהען און רוים.
אונטער דער הערשאַפט פון קייזער, איז דער דאָזיגער אַלטקלאַסי־
שער גייסט ווידער אויסגעלאָשען געוואָרען. די גריכישע געטער
האָבען געהערשט נאָך בלויז אין טעאַטער, און די רוימישע מעלות
האָבען זיך אָנגעזעהן בלויז נאָך אויפ'ן שלאַכטפעלד. דאַמאָלט איז
אויפגעקומען אַ נייע רעליגיאָן. און זי האָט זיך רעזומירט אין דעם
הייליגען נאָמען: „נאַפּאָלעאָן!" אָט דער גלויבען הערשט נאָך
אַלץ צווישען פאָלק. ווער עס זאָגט דאַרום, אז דאָס פראַנצויזישע
פאָלק איז ניט רעליגיעז, ווייל עס גלויבט ניט מעהר אין קריס־
טוס'ען און זיינע הייליגע, איז אומגערעכט. מען דאַרף גיכער זאָ־
גען, אז די אירעליגיעזיטעט פון די פראַנצויזען באַשטעהט
דעריין, וואָס זיי גלויבען איצטער אין אַ מענשען, אַנשטאָט צו
גלויבען אין די אונשטערבליכע געטער. מען מוז זאָגען, אז די אירע־
ליגיעזיטעט פון די פראַנצויזען באַשטעהט דעריין, וואָס זיי גלוי־
בען מעהר ניט אין יופּיטער'ן, און ניט מעהר אין דיאַנאַ, מינערוואַ
און ווענוס. אָט דער לעצטער פּונקט איז צווייפעלהאַפט. בנוגע די
גראַציען זענען די פראַנצויזינס נאָך אַלץ געבליבען אָרטאָדאָקסיש.

איך האָף, אז מען וועט די באַמערקונגען ניט שלעכט פאַר־
שטעהן. זיי זאָלען דאָך טאַקי דערצו דיענען, אז דער לעזער פון
אָט דעם בוך זאָל פאַרהיט ווערען פון שלעכטע מיספאַרשטענדע־
נישען.

# הוספה.

איך וואלט געוועזן אין פארצווייפלונג, ווען די עטליכע באמערקונגען, וואס האבען זיך ביי מיר ארויסגעכאפט בנוגע דעם גרויסען עקלעקטיקער, וואלטען אין גאנצען שלעכט פארשטאנען געווארען. אודאי האב איך ניט מתכון געוועזן צו פארקלענערן די גרויסקייט פון דעם הער וויקטאר קוזען. די טיטולען, וואס דער בארימטער פילאזאף פארמאגט, פארפליכטען מיך איהם צו גרויסען און צו לויבען. ער באלאנגט צו יענעם פאנטעאן פון פראנקרייך, וועלכען מיר רופען Pairie און זיינע גייסטרייכע ביינער רוהען אויף די סאמעט בענק פון לוקסעמבורג. דערצו איז ער א ליעבער מענש, און ער האט ניט ליעב די באנאלע געגענשטאנדען, וואס א יעדער פראנצויז קען ליעב האבען, אזוי למשל, נאפאלעאנ׳ען. ער האט אפילו ניט ליעב וואלטעיר׳ן, וועמען עס איז שוין לייכטער ליעב צו האבען... ניין, דעם הער קוזענ׳ס הארץ פרואווט ליעב צו האבען דאס שווערסטע: ער האט ליעב פרייסען. איך וואלט געוועזן א שלעכטער מענש, ווען איך זאל וועלען פארקלענערען אזא מאן, איך וואלט געוועזן שרעקליך אונדאנקבאר... ווארים איך בין אליין א פרייס. ווער וועט אונז ליעב האבען, ווען דאס גרויסע הארץ פון א וויקטאר קוזען וועט מעהר ניט קלאפען?

איך מוז געווים אונטערדריקען מיינע פריוואטע געפיהלען, וואס קענען מיך פיהרען צו א גאר גרויסע באגייסטערונג. איך וואלט אויך ניט וועלען פארדעכטיגט ווערען אין חניפה. ווארים דער הער קוזען איז זעהר איינפלוסרייך אין דער מדינה דורך זיין שטעלונג און דורך זיין צונג. אט דאס וואלט מיך זאגאר געקענט באוועגען צו רעדען אזוי פריימוטיג פון זיינע חסרונות, ווי

פון זײנע מעלות, װעט ער אַלײן עפּיס האָבן געגען דעם? געװיס ניט. איך װײס, אַז גרױסע גײסטער קען מען קײן שענערן כבוד ניט אָפּגעבן, װי דורך דעם, װאָס מען באַלױכט זײערע חסרונות פּונקט אַזױ געװיסנהאַפט װי זײערע מעלות. װען מען באַזינגט אַ הערקו־לעס, מוז מען אױך דערמאָנען, אַז ער האָט אײנמאָל אױסגעטאָן די לײבנפעל און איז געזעסן בײם שפּינראָד; ער בלײבט דאָך טראָצדעם אַלץ אַ הערקולעס! װען מיר דערצעהלען אױך אַזעלכענע זאַכן װעגען דעם הער קוזען, מוזען מיר דאָך מיט אַ לױב צוגעבן: אַז דער הער קוזען, װען ער זיצט אַפילו אַמאָל פלאַפּלענדיג בײם שפּינראָד, האָט ער אָבער קײנמאָל ניט אױסגעטאָן די לײבנפעל.

יאָ, האַלטענדיג זיך װײטער בײם פאַרגלײך מיט הערקולעס׳ן, מוז מען אױך דערמאָנען אַן אַנדערן שמײכעלהאַפטען אונטער־שײד. װאָרים אַלקעמענע׳ס זוהן האָט דאָס פאָלק צוגעשריעבען אױך יענע טאַטען, װאָס זענען אױפגעטאָן געװאָרען פון פאַרשי־דענע אַנדערע מענשען פון זײן צײט. די װערק אָבער פון דעם הער קוזען זענען אַזױ קאָלאָסאַל, אַזױ ערשטױנליך, אַז דאָס פאָלק האָט גאָר קײנמאָל ניט געקענט משיג זײן, װי אַזױ אײן אײנציגער מענש האָט זײ געקענט באַװײזען אױפצוטאָן. און עס איז דערפאַר ענטשטאַנען די לעגענדע, אַז די װערק, װאָס זענען ערשינען אונטער דעם נאָמען פון דעם הער קוזען שטאַמען פון אַ סך אַנדערע מענשען פון זײן צײט.

אַזױ װעט אױך אַמאָל געשעהן מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען. שױן איצ־טער קענען מיר ניט משיג זײן, װי אַזױ אײן אײנציגער העלד האָט געקענט באַװײזען אַזױ פיעל װאונדערליכע גבורות. װי מען דער־צעהלט זיך שױן איצטער אַן װעגען דעם גרױסען װיקטאָר קוזען, אַז ער האָט עקספּלואַטירט אַ סך פרעמדע טאַלענטען, און געװאוסט װי אַזױ אַרױסצוגעבן זײערע אַרבײטען פאַר די זײניגע, װעט מען אַמאָל אױך באַהױפּטען װעגען דעם אַרימען נאַפּאָלעאָן, אַז ניט ער אַלײן, נאָר גאָט װײס װער, אפשר גאָר דער הער סעבאַסטיאַני, האָט געװאונען די שלאַכטען בײ מאַרענגאָ, אױסטערליטץ און יענאַ.

גרױסע מענער װירקען ניט בלױז דורך זײערע מעשים, נאָר אױך דורך זײער פּערזענליך לעבען. אין דער באַציהונג מוז מען

דעם הער קוזען אונבאדינגט ליבען. דאָ ערשיינט ער אין זיין גאַנצער הערליכקייט, אויף וועלכער מען קען קיין פלעק ניט געפינען. דורך זיין אייגענעם ביישפּיעל האָט ער געווירקט צוצושטערען אַ פאָראורטייל, וועלכער האָט די מעהרסטע פון זיינע לאנדסלייט אָבגעהאלטען זיך אָפּצוגעבען צו דעם שטודיום פון דער פילאָזאָפיע, די וויכטיגסטע פון אלע באשטרעבונגען. דאָ אין לאנד האָט נעמליך געהערשט די מיינונג, אז דורך דעם שטודיום פון דער פילאָזאָפיע ווערט מען אין גאַנצען אונטויגליך פאר דעם פּראַקטישען לעבען, אז דורך די מעטאַפיזישע שפּעקולאַציאָנען פאַרליערט מען דעם זין פאר אינדוסטריעלע שפּעקולאַציאָנען. און אז מען מוז זיך אָפּזאָגען פון יעדען אמט, און לעבען אין נאַיווער אָרימקייט און צוריקגעצויגען פון אלע אינטריגען, ווען מען וויל ווערען א פילאָזאָף. אָט די נאַרישקייט, וואָס האָט דערווייטערט אזוי פיעל פראנצויזען פון דעם געביעט פון אבסטראַקטען, האָט דער הער קוזען אין גאַנצען צושטערט, און דורך זיין אייגענעם ביישפּיעל האָט ער באַוויזען, אז מען קען ווערען אן אונשטערבליכער פילאָזאָף און אין דער זעלביגער צייט א לעבענסלענגליכער **Paire de France**.

אודאי ערקלעהרען עטליכע וואָלטעריאַנער דעם דאָזיגען פענאָמען מיט דעם איינפאכען אומשטאַנד, אז פון יענע צוויי אייגענשאפטען פון דעם הער קוזען איז נאָר די לעצטע פעסטגעשטעלט געוואָרען. איז דען אבער פאַראַן אן אונפריינדליכערע, אונקריסטליכערע ערקלערונג? נאָר א וואָלטעריאַנער איז פעהיג צו אזא פריוואָליטעט!

אָבער וועלכער גרויסער מאן האָט דען ווען עס איז ניט געהאט אויסצושטעהן פון זיינע צייטגענאָסען? האָבען די אַטהענער מיט זייערע אַטהענישע עפּיגראַמען דען פארשוינט דעם גרויסען אלעקסאנדער? האָבען די רוימער ניט געזונגען שפּאָט־ליעדער אויף צעזאר'ן? האָבען די בערלינער ניט געדיכטעט פּאַסקווילען געגען פריעדריך דעם גרויסען? דעם הער קוזען טרעפט דאָס זעלביגע שיקזאל, וואָס האָט שוין אמאָל געטראָפען אלעקסאנדער מוקדען, צעזאר'ן און פריעדריך דעם גרויסען. און וואָס וועט נאָך טרעפען א סך גרויסע מענער אין פאריז גופא. וואָס גרעסער דער מענש,

אלץ לייכטער טרעפט איהם די פייל פון שפאט. קארליקעס איז שוין שווערער צו טרעפען.

די מאסע אבער, דאס פאלק האט ניט ליעב דעם שפאט. דאס פאלק, ווי דער זשעניע, ווי די ליעבע, ווי דער וואלד, ווי דער ים, איז בטבע ערענסט. עס וויל ניט וויסען פון סאלאן וויצען, און גרויסע ערשיינונגען ערקלעהרט עס אויף א טיעפזיניגען, מיסטישען אופן. אזוי למשל זוכט דאס פאלק צו דערקלעהרען פאגאניני'ס פידעל־שפיעלען דורך דעם, וואס אט דער מוזיקער האט אוים איי־פערזוכט געטויט זיין געליעבטע, און ער האט דערפאר צוגעבראכט א סך יאהרען אין געפענגעניש, און די איינציגע זאך, וואס ער האט דארט פארמאגט איז געווען א פידעל, און אזוי ווי ער האט טאג און נאכט געהאלטען אין איין שפיעלען אויף איהר, האט ער ענדליך דערגרייכט די גרעסטע מייסטערשאפט אויף דעם אינסטרו־מענט. די פילאזאפישע ווירטואזיטעט פון דעם הער קוזען וויל דאס פאלק אויך דערקלעהרען אויף אן עהנליכען אופן. און מען דערצעהלט זיך, אז אמאל האט די דייטשע רעגירונג באטראכט אונ־זער גרויסען עקלעקטיקער פאר א פרייהייטס־העלד, האט זי איהם דערפאר ארעסטירט, און אז אין געפענגעניש האט ער ניט געהאט קיין אנדער בוך ווי קאנטס „קריטיק פון דער ריינער פארנונפט", און ער האט אין דעם בוך א לאנגע צייט געהאלטען אין איין שטו־דירען ביז ער האט דורכדעם אין דער דייטשער פילאזאפיע דער־גרייכט די העכסטע אויטאריטעט, וועלכע האט איהם שפעטער אין פאריז געבראכט אזוי פיעל אפלאדיסמענטען, ווען ער האט זיינע שווערסטע שטעלען פארגעטראגען אין דער עפענטליכקייט.

דאס איז זעהר א שענע פאלקסלעגענדע, מערכענהאפט, אוי־טערגעוועהנליך, ווי די לעגענדע פון ארפעאוס, פון בלעם בן בעור, פון קוואזער דעם חכם, פון בורא, און יעדער יאהרהונדערט וועט זי בעארבייטען ביז דער נאמען קוזען וועט ענדליך קריגען א סימ־באלישע באדייטונג, און די מיטאלאגען וועלען אין דעם הער קוזען מעהר ניט זעהן קייןווירקליכען אינדיווויד, נאר די פערזאניפיקא־ציאן פון דעם מארטירער פאר פרייהייט, וועלכער האט זיצענדיג אין קערקער געזוכט א טרייסט אין דער חכמה, אין דער קריטיק

פון דער ריינער פאַרנונפט; אַ צוקונפטיגער באַלאַנש וועט אפשר אין איהם זעהן אַן אַלעגאָריע פון זיין צייט גופא, אַ צייט, ווען די קריטיק, און די ריינע פאַרנונפט און די חכמה זענען געוועהנליך געזעסען אין תפיסה.

וואָס אנבעלאַנגט אבער וועגען דער ווירקליכער געשיכטע פון אַט דער געפאַנגענשאַפט, איז זי אויף קיין פאַל ניט קיין אַלעגאָריע. ער האָט זייענדיג פאַרדעכטיגט אין דעמאַגאָגיע ווירקליך אַ צייט לאַנג צוגעבראַכט אין אַ דייטשען געפענגעניש, פונקט ווי לאַפאַיעט און ריטשארד לייבענהאַרץ. אַז דער הער קוזען האָט אבער דאָרט אין דער ליידיגער צייט ווירקליך שטודירט קאַנטס קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט, אין דעם דאַרף מען צוליעב דריי אורזאַכען צווייפלען. ערשטענס, איז דאָס דאָזיגע בוך געשריעבען אין דייטש. צווייטענס מוז מען פאַרשטעהן דייטש כדי דאָס בוך צו קע־נען לייענען, און דריטענס, פאַרשטעהט דער הער קוזען ניט קיין דייטש.

איך וויל דאָס בשום אופן ניט האָבען געזאָגט איהם צו גנאַי. די גרויסקייט פון דעם הער קוזען, ווערט דורך דעם נאָך גרעסער, ווען מען זעהט, אַז ער האָט זיך אויסגעלערנט די דייטשע פילאָזאָפיע, ניט פאַרשטעהענדיג די דייטשע שפּראַך אין וועלכער זי ווערט געלערנט. אַט דער געניוס, אויף וויפיעל איבערשטייגט ער דעריין אונז געוועהנליכע מענשען, וואָס מיר פאַרשטעהן די דאָ־זיגע פילאָזאָפיע נאָר דורך גרויסער מיה, כאָטש מיר זענען באַקאַנט מיט דער דייטשער שפּראַך פון קינדוויַיז אָן! דאָס וועזען פון אַזאַ זשעניע וועט אונז אַלעמאָל בלייבען אונפאַרשטענדליך; דאָס זע־נען יענע אינטואיטיווע נאַטורען, וועמען קאַנט שרייבט צו ספּאָנ־טאַנישע השגה פאַר זאַכען אין זייער טאָטאַליטעט, להיפך אונז גע־וועהנליכע אַנאַליטישע נאַטורען, וואָס מיר קענען משיג זיין די זאַכען נאָר דאָמאָלט, ווען מיר נעמען זיי איינע נאָך די אַנדערע און דורך קאָמבינאַציאָנען. ווי עס ווייזט אויס האָט קאַנט שוין גע־פיהלט אין פאָראויס, אַז עס וועט אַמאָל זיך באַווייזען אַזאַ מענש, וואָס וועט אפילו זיין קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט פאַר־שטעהן דורך בלויזע אינטואיטיווע אנשויאונגען, ניט האָבענדיג

דיסקורסיוו אַנאַליטיש געלערנט דײטש. אפשר זענען די פראנצויזען בכלל גליקליכער ארגאניזירט ווי מיר דײטשען, און איך האָב באמערקט, אז מען דאַרף זײ נאָר דערצעהלען עפּיס פון א דאָקטרין, פון א געלערנטער אונטערזוכונג, און פון א וויסענשאַפטליכער אנזיכט, און אַט דאָס ביסעל ווייסען זײ אויסגעצייכענט צו קאָמבינירען און צו בעאַרבייטען אין זייער גייסט, אַזוי, אז זײ פאַרשטעהן באַלד די זאַך א סך בעסער ווי מיר אליין, און זײ קענען אונז באלעהרען וועגען אונזער אייגען וויסען. טײלמאָל קומט מיר פאָר, ווי די קעפּ פון די פראנצויזען, זענען פּונקט ווי זייערע קאַפע־הײזער, אינוויינינג פאַרזעהן מיט לויטער שפּיגלען, אַזוי, אַז יעדע אידעע, וואָס קומט צו זײ אין קאָפּ אריין, רעפלעקטירט זיך דאָרט אַהן א שיעור מאָל; דאָס איז אַן אָפּטישע איינריכטונג, וואָס דורך איהר זעהען אויס ברייט און שטראַהלענדיג אפילו די ענגסטע און גרעבסטע קעפּ. אַט די בריליאַנטענע קעפּ, פּונקט אזוי ווי די גלענצענדע קאַפע הײזער, פלעגען אַן אָרימען דײטש, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען קיין פּאַריז זעהר פאַרבלענדען.

איך האָב מורא, אז פון דעם זיסען וואסער פון לויב, קום איך איידער איך זעה זיך ארום, אין דעם ביטערן ים פון טאַדעל. יאָ, איך קען ניט ווייטער געהן, איידער איך וועל ניט פאר א געוויסען אומשטאַנד האָבען עפּיס ביטער אויסצוזעצען אקעגען דעם הער קוזען. און דאָס איז: אז ער, וואָס האָט ליעב דעם אמת מעהר ווי פלאַטאָ׳ן און טענעמאַנ׳ן, איז אונגערעכט אקעגען זיך אליין. ער פארלוימדעט זיך אליין, ווען ער וויל אונז איינרעדען, אז ער האָט וואָס גענומען פון דער פילאָזאָפיע פון די הערען שעלינג און העגעל. אקעגען אַט דער זעלבסטבאשולדיגונג מוז איך דעם הער קוזען נעמען אין שוץ. איך קען שווערען ביי מיין וואָרט און נאמנות, אז אַט דער עהרליכער מענש האָט פון שעלינג׳ס און העגעל׳ס פילאָזאָפיע ניט גע׳גנב׳עט דאָס מינדסטע. און ווען ער האָט אלס אן אנדענק פון די צוויי לייט, יאָ עפּיס אהיים געבראַכט, איז דאָס נאָר געווען זייער פריינדשאַפט. דאָס איז א כבוד פאר איהם. אבער פון אזוינע פאַלשע זעלבסטבאשולדיגונגען זענען דאָ א סך ביישפּיעלען אין דער פּסיכאָלאָגיע. איך האָב אמאָל געקענט א מענש, וואָס האָט

אויף זיך אליין געזאָגט, אז ער האָט פון קעניג'ס טיש צוגע'גנב'עט זילבערנע לעפעל; און דאָך האָבען מיר אלע געוואוסט, אז אַט יענער אָרימער טייוועל איז ניט געווען „הויף־פעהיג". און אז ער האָט זיך אליין באשולדיגט אין גנב'ענען לעפעל, כדי ער זאָל אונז מאַכען גלויבען, אז ער איז געווען א גאסט אין קעניגליכען שלאָס.

ניין, דער הער קוזען האָט אין דער דייטשער פילאָזאָפיע אלעמאָל אָפגעהיט דאָס זעקסטע געבאָט. דאָ האָט ער ניט גע'גנב'עט אפילו איין איינציגע אידעע, אפילו ניט אַ צוקער־לעפעלע פון אַן אידעע. אלע עדות זענען אין דעם איינשטימיג, אַז אין דער באציהונג, איך זאָג: אין דער באציהונג איז דער הער קוזען די עהרליכקייט אליין. און דאָס זאָגען ניט בלויז זיינע פריינד, נאָר אויך זיינע געגנער. אזא צייגעניש ענטהאלטען, למשל, די בערלינער יאָהרביכער פון דער וויסענשאַפטליכער קריטיק פון היינטיגען יאָהר. און אזוי ווי דער פּערפאסער פון דעם צייגעניש, דער גרויסער הינריכס, איז בשום אופן ניט קיין ליבזינגער, און זיינע ווערטער זענען אלזאָ דערפאר אונפארדעכטיגע, וועל איך שפּעטער איבערגעבען אלץ, וואָס ער האָט געזאָגט. וואָרים דאָ האנדעלט זיך א גרויסען מאַן צו באפרייען פון א שווערער אַנקלאגע. און נאָר דערפאר דערמאָן איך דאָס צייגעניש פון די בערלינער יאָהרביכער, וואָס דורך דעם שפּאָטישען טאָן אין וועלכען זיי רעדען וועגען דעם הער קוזען באריהרען זיי מיין געמיט אביסעל אונאנגענעם. וואָרים איך בין אַן אמת'ער פאַרעהרער פון דעם גרויסען עקלעקטיקער. ווי איך האָב שוין דאָס באוויזען אין אַט די בלעטער, ווען איך האָב איהם פארגליכען מיט אלע מעגליכע גרויסע מענשען, ווי הערקולעס, נאַפּאָלעאָן, אלעקסאנדער, צעזאר, פריעדריך, אָרפעאוס, בלעם בן בעור, קוואַזער דעם חכם, בודאָ, לאַפּאַיעט, ריכאַרד לייבענהאַרץ און פּאַגאַניני.

איך בין אפשר דער ערשטער, וואָס שטעל אוועק לעבען די גרויסע נעמען אויך דעם נאָמען קוזען. **Du sublime au ridicule il n'y a qu'un pas!** וועלען זיכער זאָגען אפילו זיינע שונאים, זיינע פריוואַלע געגנער, יענע וואָלטעריאַנער, פאַר וועמען קיין זאַך איז ניט הייליג, וועלכע האָבען ניט קיין רע־

ליגיאָן און וועלכע גלויבען אפילו ניט אין דעם הער קוזען. אבער דאָס וועט ניט זיין צום ערשטען מאָל, וואָס א נאַציאָן לערנט זיך אוים צו שעצען איהרע גרויסע מענשען דורך א פּרעמדען. איך האָב אפשר גאָר א פאַרדיענסט פאַר פראנקרייך, וואָס איך האָב אָפּגע־שאַצט רעם ווערט פון דעם הער קוזען פאַר דער געגענוואַרט און זיין באדייטונג פאַר דער צוקונפט. איך האָב געוויזען ווי דאָס פאָלק באַציערט איהם פּאָעטיש נאָך ביים לעבען, און דערצעהלט זיך פון איהם וואונדער. איך האָב געוויזען ווי ער וועט בּיסלעכווייז איי־בערגעהן אין דער לעגענדע, און ווי עס וועט אמאָל קומען א צייט, ווען דער נאָמען וויקטאָר קוזען וועט זיין א מיטה. איצטער איז ער שוין א פאבעל, וויצלען זיך די וואָלטעיריאַנער.

אוי, איהר לעסטערער פון טראָן און פון אַלטאַר. איהר רשעים, וואָס ווי שילער זאָגט: איהר זענט געוועהנט דאָס גלענצענ־דע צו שווארצען און דאָס ערהאַבענע צו ציהען אין שטויב," איך זאָג אייך נביאות, אז די גרויסקייט פון דעם הער קוזען, פּונקט אזוי ווי די פראנצויזישע רעוואָלוציאָן מאכט די רייזע איבער דער וועלט!— איך הער ווידער מיט רשעות צוגעבען: ווירקליך, דער שם פון דעם הער קוזען מאכט א רייזע ארום דער וועלט. און פון פראנקרייך איז ער שוין אָפּגעפאָהרען.

# באמערקונגען.

זייט 3 בארבאראסא — פריעדריך „בארבאראסא“ (רויטע באָרד), באריהמטער דייטשער קייזער פון דער משפחה האָהענ־שטאפלען.

״ 14 טאציטוס — באריהמטער רוימישער היסטאָריקער. האָט ארום דעם 100־טען יאָהר, לויט דער קריסטליכער צייט־רעכנונג אָנגעשריבען אַ בוך איבער דייטשלאנד „דע גער־מאַניא“, פול מיט לויב פאר די דייטשען פון זיין צייט.

״ 17 Pieces justificatives — רעכטפערטיגונג.

״ ״ Comite de Salut public — „קאָמיטע פון עפענטלי־כען וואויל זיין“ — געגרינדעט אין צייט פון דער פראנצ. רעוואָלוציע.

״ ״ פעטראניוס — באריהמטער רוימישער סאטיריקער.

״ ״ אפולעיוס — לאטייניש‏ער דיכטער.

״ ״ קענטאור — אַ גריכישע מיטאָלאָגישע פיגור: האַלב מענש, האַלב פערד.

״ 20 איוואין, לאנצעלאט א. אַז. וו. — ריטער פון „רונדען טיש“, ווי מען האָט גערופען די העלדען פון קעניג אַר־טור׳ם הויף, וואָס זייערע מעשים ווערען באזונגען אין די לעגענדען.

״ 21 וואלפראַך פאָן עשענבאך — באריהמטער מיטעלאַלטער־ליכער הויטשער דיכטער, פערפאסער פון „פארסיפאל“.

״ 22 הערקולאנום — אַ שטאָדט, וואָס איז אין די צייטען פון טיטוס פארשאָטען געוואָרען פון דעם וואולקאן וועזוואוויוס; צווישען די אויסגעגראָבענע רואינען געפינען זיך פראכט־פולע קונסטווערק.

״ ״ באקכוס — גאָט פון וויין.

״ 23 פעליאָן און אָסאָ — בערג אין גריכענלאנד.

״ 25 Dame du comptoir — א דאַמע, אָנגעשטעלט אין געשעפט, כדי צוצוציהען קונדען.

״ 26 ביצאנץ — דער אַלטער נאָמען פון קאָנסטאַנטינאפאל, ווען זי איז געוועזען די הויפט־שטאָט פון דער מזרח־רוימישער אימפעריע.

״ ״ לודאוויקא — ווערט געמיינט דער דיכטער לודאָוויקא אַריאָסטא.

זייט 27 אמבראזיש — זיס ווי אמבראָזיאַ, די שפּייז פון די גריכישע געטער.

" " אַטרעאוס, לאַיאָס — גריכישע מיטהאָלאָגישע פיגורען.

" " אַנזשו — אַ הערצאָג פון דער פראַנצויזישער קעניגליכער דינאַסטיע.

" " ארמיניוס — (הערמאַן דער כערוסקער) האָט באזיגט די רוימישע לעגיאָנען אין טעוטאָבורגער וואלד.

" 34 גראַנדעצא — ווירדע, פייערליכקייט.

" 40 היפּפּאקרענע — קוואל פון וועלכען די מוזען האָבען געטרונקען.

" 45 אדין — דער הויפּט גאָט ביי די אַלטע דייטשען.

" 46 האלשטיינער — האָלשטיין איצט אַ פּראָווינץ פון דייטשלאַנד.

" 52 ביורא און גאיע — מיטגלידער פון דירעקטאָריום, וואָס האָט רעגירט אין פראנקרייך אין צייט פון דער רעוואָלוציע.

" " פּאַרנאסוס — דער בארג, וואו די מוזען האָבען געוואוינט.

" 53 דריאדען — וואלד נימפען.

" 54 Omelette soufflie — אויפגעבלאָזענער קוכען.

" 60 שארל נאָדיע — א באוואוסטער פראנצויזישער שריפטשטעלער.

" 61 סאנקיולאט — אָהן־הויזענדיגער, אַזוי האָט מען אָנגערופען די אָנהענגער פון דער אויסערסטער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי אין פראנקרייך.

" 69 de haut en bas — פון אויבען אַראָפּ.

" " de bas en haut — פון אונטען אַרויף.

" 70 סעלאם — באַגריסונג.

" 71 דאַלאַי לאַמאַ — אַ מין כהן גדול אין טיבעט.

" 73 Les dieux s'en vont — די געטער געהען אַוועק.

" tournee — רייזע־מארשרוט.

83 שאמפּאליאן — דער ערשטער, וואָס האָט אויסגעפונען, ווי אַזוי צו לייענען די היעראגליפען.

" 87 פראנדע — אן אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטיי אין פראנקרייך אין 17טען יאהרהונדערט.

" " טאלמא — באריהמטער פראנצויזישער אַקטיאָר.

" 88 „פעדרא“ — דאָס איז דער נאָמען פון איוריפּידעס'עס אַ דראמע; ראסין האָט אויך אָנגעשריבען אַ דראמע אונטער דעמזעלביגען נאָמען.

" 91 פּאטאליני — באריהמטע איטאַליענישע זינגערין.

זייט 92 eau de mille fleurs — וואסער פון 1000 בלומען, נאָמען פון אַ געוויסען פּארפיום.

" 96 טיבעריוס — איינער פון די רוימישע קיסרים צו דער צייט פון חורבן בית שני.

" 98 פאיסטעטראס, באסילעא — העלדען פון אריסטאָפאַ־נעס'עס קאָמעדיע „די פייגעל“.

" 99 הימענעען — חתונה־ליעדער.

" 101 יוסטין — רוימישער געשיכטס־שרייבער.

" " סירוס — דאָס איז כורש, מלך פּרס.

" 110 אַלאַ פּאַטרידאַ — אַ שפּאַנישעס געריכט, געמישט פון פאר־שידענע סאָרטען פלייש.

" 112 הערצאָג פון ברוינשווייג — דער אָנפיהרער פון דער פּרייסיש־עסטעררייכישער ארמעע, וואָס האָט מלחמה גע־האַלטען געגען דאָס רעוואָלוציאָנערע פראנקרייך אין יאָהר 1792. אין אַ מאַניפעסט, וואָס דער דאָזיגער הערצאָג קאַרל פון ברוינשווייג האָט אַרויסגעלאָזען, האָט ער זיך אָנגענו־מען די קריוודע פון די מאָנאַרכיסטען, וועמען די רעוואָ־לוציע האָט פאַרטריבען פון פראנקרייך. מיט איהם פאר־גלייכט עס היינע פיכטע'ן, וועלכער האָט זיך אָנגענומען פאר דעם גע'רודפ'טען ספּיריטואַליזם.

" 116 הייליגע אליאנס — אַזוי האָט זיך אָנגערופען די פאר־איינינונג, וואָס איז נאָך נאַפּאָלעאָן'ס פאַלען, געשלאָסען געוואָרען צווישען רוסלאנד, פּרייסען און עסטרייך מיט'ן צוועק אויסצואווארצלען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט פון אייראָפּאַ.

" 117 Ecole polytechnique — פּאָליטעכנישע שול.

" " דיאסקורען — צווילינגס.

" 123 לעווע־וויימאר — פראנצויזישער איבערזעצער פון דויי־טשע שרייבער.

" " en vogue — פּאָפּולער.

" 135 דאָטארע פון באָלאָניא — אַ געוויסער דאָקטאָר, וואָס פי־גורירט אין אַן איטאַליענישער פאָלקס־קאָמעדיע.

" " פּיעראָט — קלאָון.

" " „קאָלאָמבינען“ — פרויען־פיגורען פון איטאַליענישע פאָלקס־קאָמעדיען.

" 155 Cour de Miracle — הויף פון וואונדער.

" 156 foyer — מיטעלפּונקט.

" " Gymnase, Varietes — פּאריזער טעאטרען.

" " Soiree — אָבענד פאַרוויילונגען.

" 157 On l'on fera de la musique — וואו מען וועט שפּיע־לען מוזיק.

זייט 157 Pere--Lachaise — באוואוסטער בית עלמין אין פאַריז.

״ 159 ab ovo — פון דעם איי; דאָס איז אַזוי ווי מען זאָגט אין אידיש „פון בראשית“.

״ 161 קאַלכאַס — נביאות זאָגער אין דער „איליאַדע“.

״ 166 מנעמאָזינע — די געטין פון זכרון. זי איז געווען די מוטער פון די 9 מוזען.

״ 171 פעריפאַטעטישע — וואָס פילאָזאָפירען ארומגעהענדיג. (אַזוי האָט אויך געהייסען אריסטאָטעל׳ס שול.)

״ ״ roues — הולטייעס, אויסגעלאַסענע.

״ 173 טריאומוויראט — דריי־מענער־בונד.

״ 175 הידאַלגאָ — שפּאַנישער ריטער.

״ 177 וואלטער פאָן דער פאָגעלווייד — באריהמטער דייטשער דיכטער און מינעזינגער פון מיטעלאַלטער.

״ 181 זיעגפריעד — העלד פון דער דייטשער מיטאָלאָגיע.

״ 181 ניאָבע — לויט דער גריכישער מיטאָלאָגיע, די פרוי פון קעניג אמפיאן, מוטער פון 14 קינדער, וועלכע זענען געטויט געוואָרען איינער נאָך דעם אַנדערען. פון שמערץ און פארצווייפלונג איז די אונגליקליכע מוטער פארוואנדעלט געוואָרען אין אַ שטיין.

״ 182 העליקאָן — מוזען־באַרג.

״ 187 אָסיאַן — אויסגעטראכטער פערפאסער פון געוויסע אַלט־אירלענדישע פאָלקס־ליעדער, אַרויסגעגעבען אונטער דעם נאָמען „אָסיאַנ׳ס ליעדער“.

״ 196 Haut Gout — הויכער געשמאַק.

״ 201 פאַנטעאָן — אין אַלטען רוים אַ טעמפעל פאר אַלע געטער; אַזוי רופט מען אויך אין פאַריז דעם „טעמפעל פון אונשטערבליכע“, וואו עס ווערען געעהרט די פארשטאָרבענע גרויסע מענער.

״ ״ Pairie — דער העכסטער אַדעל, די אויבערשטע אַריסטאָקראַטיע.

״ ״ לוקסעמבורג — אַ באוואוסטער פּארק אין פאַריז.

״ 202 אלקמענע — די מוטער פון הערקולעס.

״ ״ סעבאסטיאני — אַ גענעראל אונטער נאַפּאָלעאָן.

״ 203 Paire de France — איינער פון די העכסטע אַדעליגע אין פראנקרייך.

״ 204 אָרפעאוס — לעגענדארישער גריכישער מוזיקאַנט.

״ 205 באַלאַנש — פראנצויזישער מיסטיקער.

״ 207 Du Sublime au ridicule il n'y a qu'un pas פון דעם דערהויבענעם ביז צום לעכערליכען איז ניט מעהר, ווי איין שריט.

## פעהלער-אויסבעסערונג.

זייט 27 אַניאָס, דארף זיין אַנזשו.
" 61 סאנסקילאט — סאנקולאט.
" 67 בייקא — בעיקאן
" 71 אדעמעטיום — אדמעטאָס.
" 73 לעזא האנאנע — לעדיא דאַנאַע.
" " tournee — Fournee
" 165 נעבעל שנור — נאָפּעל־שנור.
" 196 Gout — Gont
' 204 אָרפעאום — אָרפעאוס.

# אינהאלט:



אידיש: ר. אייזלאַנד.

**באמערקונגען.**